„רוסלענדער סאציאל־דעמאקראטישע ארבייטער פארטיי".

# אים קאמפף

(2־טע אויפלאגע.)

הערויסגעגעבען

פון דעם

„אללגעמיינעם אידישען ארבייטער־בונד אין רוסלאנד און פוילען".



ושנעוו

סעפטעמבער, 1900 יאהר.

# אויסגאבען

פון

„אללגעמיינעם אידישען ארבייטער בונד אין רוססלאנד און פוילען".

| | פרייז אין סאנטים. |
|---|---|
| 1) דער סטרייק פון שקר. . . | 20 |
| 2) דער צירקוליאר פון מיניסטער דעם איננערען. | — |
| 3) א בראשיורע צום ערשטען מאי | — |
| 4) מאניפעסט פון רוסס. סאצ.-דעמ. ארבייטערפארטיי. | — |
| 5) „דער אידישער בערשטער ארב. בונד אין פוילען און ליטע". | — |
| 6) די מערץ רעוואליוציאן אין דייטשלאנד. | — |
| 7) די מלחמה פון דער „פ. ס. פ." געגען דעם אל"איד"אר"בונד אין רוססלאנד און פוילען. | 40 |
| 8) דער עיקר פון קאנסטיטוציע פון לאססאל. | 20 |
| 9) דער ארבייטסטאג — 2-טע אויפלאגע — . | 30 |
| 10) ווי האבען די בעלגישע ארבייטער געשטריטען פאר פרייהייט. | 30 |
| 11) פאר'ן זונאויפגאנג. | 20 |
| 12) א מעשה פון פיער ברידער. | 40 |
| 13) ציוניזמוס אדער סאציאליזמוס ? | 20 |
| 14) דאס מאניפעסט פון די קאמוניסטישע פארטיי פון **קארל מארקס און פריעדריך ענגעלס.** | 60 |
| 15) וואס יעדער ארבייטער דארף וויסען און געדיינקען. | 40 |
| 16) וואס וויללען די סאציאלדעמאקראטען אין רוססלאנד ? | 70 |
| 17) די שבירות (צווייטע אויפלאגע). | 40 |
| 18) הגדה של פסח (על פי נוסח חדש). | 20 |
| 19) די נייע עפאכע אין דער אידישער ארבייטער בעוועגונג. | 20 |
| 20) אים קאמפף | 50 |
| 21) פון וואס איינער לעבט. | 40 |

בוכהענדלער בעקומען אויף 30 פראצענט ביליגער.



# צמח דער טישלער.



א טישלער איז ער געוועזן, א גאנץ איינפאכער ארבייטער. נור א „טרפ׳ער“ מענש האט מיט איהם צוויי מאל פערבראכט— און ער איז אריינגעפאלען אין געפיינגניס.

מען האט ביי איהם געפונען א קליין בלוי העפט, וואס דער „טרפ׳ער“ מענש האט ביי איהם איבערגעלאזען. אין דעם קליינעם העפט האט עמיץ פראטעסטירט, געוואלט געשריען געגען דער בייזער, אלץ טוידטענדיגער רעגירונג און געגען דער ניעדערטרעכטיגער קאפיטאליסטישער וועלט און געלערנט אללע זיינע פריינד, די אונגליקליכע, פערהונגערטע ארבייטער, אז זיי זאלען אויך פראטעסטירען. ער האט דארטען גערעדט מיט פייער, מיט היטץ—אח, מיט׳ן בלוט פון זיין הארץ האט ער דארטען גערעדט, ווייל ער האט שטארק געליעבט די אונטערדריקטע און תכלית שנאה פיינד געהאט די אונטערדריקער.

מיט מיה און מאטער האט צמח דער טישלער געלייענט דאס געשריבענע העפט, ווייל ער האט ערשט זיך אנגעהייבען צו לערנען שרייבען און לייענען, ווען ער האט אנגעהייבען אליין אויף זיך צו פערדינען. ער האט גראשענס געצאהלט און געדאנקט גאט, וואס עס גיט אין שטאדט א חאציע דער לעהרער, וועלכער איז נאך ניט ווערט געוועזן די גראשענס. און יעדע שורה, וועלכע ער פלעגט בייקומען אין דעם קליינעם געשריבענעם העפט, האט ביי איהם ארויסגערופען ליעבע און טריירהייט צו דעם, ווער עס האט די שורה געשריבען. א גאנצע נאכט איז ער אבגעזעסען איבער דעם ביכעל, ביז ער האט עס דורכגעלייענט פון טאוועל ביז טאוועל. א

ער האט געענדיגט, האט ער ארויסגעלאזען נור איין „א!“—דאס איז געווען דער אויסגעשריי פון פערוואונדערונג צו דעם שרייבער, דער אויסרוף פון התפעלות, פון ענטציקען, פון גרויס פערגעניגען. און אין א ווילע ארום האט ער ארויסגערעדט: „אח, א רוח אין וייערע טאטענס אריין!“—דערמיט האט ער געמיינט די רעגירונג, די קאפיטאליסטען און אללע מענשענאונטערדריקער און מענשענפרעשער. און באלד האט ער אויפגעעפענט נאך א מאל דאס העפט און איבערגעלייענט א פאר ערטער, וועלכע זיינען איהם בעזונדערס געפעלען געווען. ער האט געקוקט אויף די געליעבטע שורות און האט ניט געקענט אברייסען פון זיי די אויגען. ער האט געוואלט גאר אין גאנצען אריינעמען זיי אין זיך, דורכפיהלען זיי, אריינזעצען זיי זיך אין דער נשמה. און ער האט אלץ בעגריפען, אלץ דורכגעלעבט, און זיין הארץ האט זיך שטארקער געשלאגען. און דערנאך האט ער ווייטער געבלעטערט דאס העפט און אריינגעקוקט אין נאך עטליכע ווייטלעך; יעדעס ווייטעל האט איהם אינטערעסירט, אויף יעדעם ווייטעל האט ער געפונען נור אמת, דעם ריינעם טייערען אמת.

און נאך א מאל: „א!“ און נאך א מאל: „אח, א רוח אין זייערע טאטענס אריין!“

עס איז ביי איהם געבליבען, ער זאלל לאזען ביי זיך דאס העפט נאך אויף אנאכט, און ער איז איינגעשלאפען מיט דאנקבארקייט צום שרייבער. קוססען וואלט ער איהם אין רעכטען מיטען גאסס! איהם האט אפילו פערגעניגען געטהאן, וואס ער איז פון די איינציגע, וועלכע ווייסען—ווי איהם האט זיך געדאכט—, ווער דער שרייבער איז. דאס האט איהם געקיצעלט; דאס האט איהם גרויס געמאכט.

אין דעם גאנצען אויף־מארגענדיגען טאג האט ער זיך געפילט, ווי א נייער מענש: א נייע הויט, א נייע נשמה. ער האט פריינדליך צוגעשמייכעלט ביי דער ארבייט זיינע אויפגעקלערטע חברים ווי ער וואלט זיי וועלען געבען צו פערשטעהן, אז ער ווייס שוין עפעס, אז ער געהערט צו זיי. און זיין רייכען בעל־הבית האט ער

היינט פיינט געהאט מעהר פון אללע מאל.

ער האט געלאזען ביי זיך דאס העפט נאך אויף א נאכט, און אין דער נאכט איז ער אריין אין געפיינגניס אין א בעזונדער צימ־מער, און דאס ביכעל איז אריינגעפאלען צו דער פאליציי אין די הענד.

---

די טהיר פון דעם שטייגעל האט זיך הינטער איהם פער־מאכט און ער איז געבליבען אליין אין דער פינסטערניס. די טרע־רען, וועלכע זיינען איהם די גאנצע וועג געשטאנען אין די אויגען און געווארגען אין האלז, האבען זיך פלוצלונג א גאס געטהאן. און באלד האט ער זיך ניט געקענט איינהאלטען און צו־וויינט זיך אויפ'ן קול. ער האט געשפירט א גרויס אומגליק, עס האט איהם אנגעחאפט א פערצווייפלונג. דאס איינציגע וואס, ער האט געקאנט, איז געוועזען גוט אויסוויינען זיך.

זיין היסטעריש וויינען איז דורגעדרונגען דורך די וואנד אין די דאבייאיגע קאמערן און דורכגענומען יעדען אבר פון די אונגליק־ליכע, וועלכע זיינען דארטען איינגעשפארט געוועזען. ווי איז געוואר־רען אזוי שווער, אזוי דריקענד שווער! זיי האבען צוגעלייגט דאס אויער צו דער וואנד. זיי האבען געוואלט דערקאנען אין דעם וויי־נען א בעקאנטע שטימע, אין דעם געוויין אבלייענען א געדוס פון דעם; וואס עס טהוט זיך דארטען אין דער אפפענער, בלומרש'ט פרייער וועלט. דערנאך האבען זיי לייכט, גאנץ לייכט, אנגעהייבען קלאפען אין די וואנד. זיי האבען געוואלט געבען צו וויסען דעם ניי־עם קרבן, אז ער זאלל זיך בערוהיגען, אז ער איז ניט אלליין, אז עס זיינען פאראנען מענשען, וועלכע פיהלען מיט איהם מיט, וועל־כע ליידען יעצט גלייך מיט איהם....

דער ושאנדארעם, וואס איז געשטאנען אין קארידאר, האט דערהערט דאס לייכטע קלאפען. ער איז צו צו איין טהיר און דער־נאך צו דער אנדערער און שארף ארויסגערעדט: „טיחאי!“ און דאנן איז ער צו צו צמח'ס טהיר, צוגעהערט זיך, רוהיג ארויסגע־רעדט: „וויש רעוויאט, ושידאווסקאיא מארדא!“ און איז וויי‍טער

אוועק זיין וועג.

צמח האט גאר נישט געהערט, וואס עס טהוט זיך ארום איהם׳ ער האט געוויינט, ביז ער׳ האט געקאנט וויינען. ער איז געבליבען ליגען ווי א פלאסט, גאנץ אהן כח. און אז ער איז שטיל געווארען, האט ער דייטליך דערזעהן פאר זיך די שרעקליכע סצענע און דערהערט דעם ביטערן יאמער, וואס איז פארגעקומען ביי איהם אין דער היים. די שוועסטער איז געלעגען אין ספאזמען און די אלטע, איינגעקנייצטע, איינגעביגענע מאמע איז געלעגען ביי די ושאנדארמען צו די פיס, געפויזעט אויף דר׳ערד, געוואלט כאַ־פען די קאצאפישע הענד קוסען און געיאמערט מיט א בענומע־נעם קול: „אי, אי, פאנאציק, טייערינקער, ליעבענקער פאנאציק!"..

עס שווידערט איהם דאס וויינען, דער שרעקליכער יאמער. ער הערט איהם דייטליך. ער קלינגט איהם אין די אויערן, נעהמט איהם דורך יעדען אבר און ווידער עפענט זיך אויף א קוואל פון טרערען ביי צמח׳ן.

די שכנים האבען איהם שוין געוואלט אנזאגען, ער זאלל קיין באבע ניט זיין.

ענדליך איז ער שטיל געווארען. ער האט שיין אויסגעוויינט אללע טרערען. נאך האט ער געהערט דער מאמעס וויינען און געזעהן פאר זיך דער שוועסטער׳ס ספאזמעס און עס האט איהם געשווידעדט, געריסען דאס הארץ. אבער ער האט נישט געוויינט. און ביסלעכוויים דרינגט איהם דורך א נייער געפיהל. ער קוקט מיט אפפענע אויגען אין דער געדיכטער פינסטערניסס. ער ווילל עפעס בעטראכטען, בעגרייפען, פערשטעהן.

וואס וועט זיין מיט איהם?!... וואס וועט זיין מיט איהם ?!...

ביין „אביסק" האט צמח דער טישלער ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערען אויף דער פראגע, וואס איז דאס פאר א ביכעל. ער האט זיך געטרייסעלט מיט׳ן גאנצען קערפער, עס האט איהם גע־קלאפט א צאהן אן א צאהן. „יא...ניין"..... „ניין.... יא"... ער האט עפעס נישט פערשטאנען דאס רוססיש, ער איז געוועזען אויסער זיך. „יא.... ניין"..... „ניין.... יא"...

וואס דענן האט ער געזאלט ענטפערן? און וואס וועט ער ענטפערן מארגען?

ער וועט זיך מאכען, אז ער פערשטעהט ניט אויף רוססיש. ער וועט זאגען, אז דאס בלויע העפט האט ער אבגעשריבען פון א אידישען ביכעל, נור ער געדיינקט ניט פון וועלכען, ווייל דאס איז שיין געוועזען לאנג, ווען ער האט זיך געלערענט שרייבען. אדער זאל ער זאגען, אז ער האט דאס ביכעל געפונען אויפ'ן גאסס? און אפשר זאל ער זיך מודה זיין, ווער עס האט איהם געגעבען דאס ביכעל און זאגען, אז ער האט איין ארמע, קראנקע מוטער, וועלכע ער האט אונטערגעהאלטען, און איין אלטע שוועסטער, וועלכע ער האט געוואלט חתונה מאכען פון זיינע פרנסה....,

אונ אין דר'אמת'ן טאקי, וואס פאר א סאציאליסט איז ער? ער האט איבערגעלייענט א ביכעל? ווער זאגט, אז ער האלט מיט דעם ביכעל? אונ ער וויל גאר נישט האלטען!

ביי דעם לעצטען געדאנק פיהלט ער, אז ער זאגט ליגען. ער האט געשפירט דעם ביכעל און דעם נחת, וואס ער האט גע־האט ביים לייענען.

אח, וואס וועט ער זאגען? וואס וועט ער זאגען?

עס ווערט איהם אזוי שרעקליך אין דעם פינסטערן צימער און אזוי אומעדיג. ער וואלט אויף זיך דאס האר געריסען און די צורה געדראפעט.

ער האט געהערט א בעוועגונג הינטער דער וואנט. ער האט אנייגעהאלטען דעם אטהעם, אום בעסער איינצוהערן זיך.

און באלד האט ער זיך צוגערוקט צו דער וואנד. עס האט זיך איהם געדאכט, אז אויב ער וועט ליגען הארט ביי דער וואנד, וועט ער נישט זיין אליין, וועט איהם פרייליכער ווערען.

ער איז געוועזען מיד, שרעקליך מיד, נור דער שלאף האט איהם נישט גענומען. דאס הארץ האט איהם שטארק געדריקט, קאלט איז איהם געוועזען, און דער קאפף האט אהן איין אויפהער און אהן סדר געארבייט. דאס שטעלט זיך איהם פאר, וואס סע איז פארגעקומען אין דער הוים, דאס טראכט ער, וואס זאל ער

ענטפערן, דאס וויל ער דערגעהען, וואס מיט איהם וועט זיין.

און אט דערמאנט ער זיך אן דאס קליינע, בלויע, געשריבע־נע העפט און עס שוידערט איהם. די האר שטעלען זיך איהם אויף פאר שרעק. מוראדיגע זאכען זיינען דארטען אנגעשריבען! ער האט גאר מורא ארויפצוברייגגען עס אויפ׳ן זינען דא, צווישען די פיער וועגד פון דעם פערשפארטען שטייגעל, אין דער געדיכטער פינסטערניס.

אוי, אוי, אוי! האט זיך ביי איהם ארויסגעריסען מיט פערצווייפלונג, אונ דאס געזיכט האט אויף איהם געברענט.

ער האט זיך אויסגעצייגען אויפ׳ן בעט מיט׳ן געזיכט אראב אונ אריבערגעווארפען די הענד איבער׳ן קאפף. וואס זאל ער טהון? וואס זאל ער טהון? וואס פאר איין עצה זאל ער זיך געבען? אין קאפף איז געוועזען א רעש, א גערודער—א שטארקער גערודער, פון וועלכען עס איז איהם געוועזען אזוי אונאנגענעהם, אזוי שרעק־ליך, אזי ביטער, צום וויינען! נור ער האט שוין קיין טרערען נישט געהאט.

אונ דאס קליינע ביכעל שטעהט פאר די אויגען. ער זעהט די געשריבענע שורות, ער זעהט די שריפט, ווארט ביי ווארט אות ביי אות.

א פערפאלענר איז ער!

ברררר!.... א פראסט געהט איהם דורך איבער׳ן גאנצען לייב. ער דריקט איין דעם קאפף מיט די עלענבויגענס שטארק, שטארק.

ער וועט משוגע ווערען פון פערצווייפלונג! ער וועט זיך א מיתה אנטהון!

ער האט געטראכט, געטראכט.... עס האט שוין אנגעהויבען צו טאגען, עס איז שוין געווארען גרויסער טאג און ער האט נאך אלץ נישט געשלאפען אונ איז געווארען אלץ אונרוהיגער. אט קומט מען איהם רופען צום פערהער, אונ וואס זאל ער זאגען!

טויזענדער פלענער! אין די פלענער מישען זיך שטיקלעך פון אללערליי געדאנקען, וועלכע בערוהיגען איהם אויף א ווײלע,

נור באלד קעהרט ער זיך אום ווידער צו זיינע פלענער און ווערט אויסער זיך פערצווייפעלט, אויפגערעגט.

מען האט אנגעהייבען אבריגלען זיין טהיר. ער איז אויפ־געשפרונגען נישט טוידט נישט לעבעדיג. א סאלדאט האט אריינגע־טראגען טהיי, אנידערגעשטעלט אויפ׳ן טיש און איז אוועק. צמח איז געקומען צו זיך, צוריק אוועקגעלייגט זיך אויפ׳ן בעט און ווייטער געטראכט. אים טראכטען האט ער אויסגעשטרעקט די האנד צו דעם גלאז טהיי און אויסגעטרונקען דאס ביסעל אונרייניע וואסער, און נישט געמערקט און נישט געפיהלט, וואס ער האט געטאן. ער איז באלד איינגעשלאפען. ער איז אבגעשלאפען ווי א געהרג׳עטער דעם גאנצען טאג און די גאנצע נאכט. מען האט איהם עטליכע מאל אויפגעוועקט צו ווארמעס און וועצערע — און יעדעס מאל איז ער אויפגעשפרונגען, מיט איין אפענעם מויל, ערשראקען, נור באלד האט ער זיך איבערגעקעהרט אויף דער אנדער זייט און ווידער איינגעשלאפען. דער הארטער שלאף פון דעם ארבייטענדיגען טישלער האט מנצח געוועזען.

דער לאנגער און הארטער שלאף האט איהם נישט ערפרישט. ער איז אויפגעשטאנען א צובראכענער, א מידער, ווי ער וואלט אבגעטאן די שווערסטע ארבייט. אין הארצען האט געגאגט און געגאגט, נור דער קאפף איז געוועזען פוסט. איין זאך האט איהם נור אינטערעסירט: וויפיעל איז ער אבגעשלאפען — א טאג צו צוויי צו א האלבען? דער סאלדאט, וועלכער האט איהם געבראכט טהיי, איז געוועזען אזוי פריינדליך און געזאגט איהם, וויפיעל איז עס א זייגער און וועלכער טאג היינט איז, און צוגעגעבען, אז ער וועט נאך צייט האבען צו פערגעסען.

ווערסט דיך שיין אנויצען! האט דער סאלדאט געענדיגט זיין ענטפער.

אויף צמח׳ן האבען זיינע ווערטער קיין שום איינדרוק נישט געמאכט, ווי זיינען פערבייגעפלייגען פאר זיינע אויערען. מיד און אהן געדאנקען אין קאפף האט ער געטרונקען די טהיי און אהן א זינען ארומגעקוקט דעם צוממער. ער האט בעקוקט די טהיר, די

ווענד, דאס פענסטער מיט די גראטעס, דאס בעטט, דען טיש: זאגאר דאס צינערנע גלאז, פון וועלכען ער האט געטרונקען, האט ער ווי שארפזיניג בעקוקט. אונ דאך האט זיין מוח ניט געאר־בייט און צמח האט נישט געוואוסט, וואס האט ער געקוקט אונ אויסגעקוקט אין דער טהיר, די ווענד, דעם פענסטער אונ צינער־נעם גלאז. ער האט נישט געקאנט טראכטען ווייל ער האט גע־דארפט א סך טראכטען.

ער האט אבגעטרונקען דעם טהיי, אויפגעשטאנען, אויסגע־צויגען די הענד אונ געוואלט א גענעץ טהון. נור זיין בליק איז גע־פאלען אויפ'ן פענסטער מיט די גראטעס און איהם האט זיך פער־וואלט ארויפדראפען זיך אהין און א קוק טהון אויף דער גאס. ער האפ צוגערוקט דעם טיש צום פענסטער, ארויפגעקראכען אויף דעם טיש, אנגעכאפט זיך פאר די גראטעס אונ ארויפגעצייגען זיך אויף דאס משופע'דיגע פענסטער. ער האט דערזעהן דעם הויף אונ מענשען. דאס הארץ האט איהם אנגעהויבען שטארקער צו קלאפען. ער האט געקוקט מיט שטארקער לוסט. ער האט גע־וואלט דערזעהן בעקאנטע אונ דער הימעל איז איהם אזוי טייער געוועזען.

ער האט געקוקט לאנג, ער האט נישט געקענט אברייסען די אויגען פון דער „פרייער וועלט". ליגענדיג אויף דעם משופע'דיגען פענסטער, אנגעהאלטען מיט די הענד פאר די גראטעס, האט ער געפיהלט דעם געפיינגניס, דעם שלאס און ריגעל, די איינזאמקייט. נור דער גאנצער גוף האט געצויגען אראב, די הענד ויינען פער־חלשט געווארען, אונ ער האט געמוזט אראב פון פענסטער. יעצט האט איהם דאס ענגע צימער אויסגעזעהן אזוי וויסט, אזוי שרעק־ליך, אזוי ווילד. עס האט איהם פערקוועטשט דאס הארץ און מיט א מאל האט ער דערפיהלט די אללע אומעטיגע, שווערע, שרעק־ליך שווערע גדאנקען.

עס האט איהם אנגעהייבען ברעכען אין מוח אונ שווידערן דער לייב. ער הט זיך געלאזט ארומגעהן איבער'ן חדר און טראכ־טען, טראכטען.

פלוצלונג האט ער בעמערקט אויף דער רעכטער וואנד איין אידישע אויפשריפט מיט א בלייפעדער. דאס האט איהם אבגעשטעלט. צוערשט האט ער פערגעססען, ווארום איז ער שטעהן געבליבען. ער האט געלייענט די אויפשריפט און נישט געוואוסט, אז ער לייענט. נור אז ער האט שוין געוואלט אבטרעטען פון דער וואנד האט ער זיך דערמאנט, אז עפעס האט איהם פעראינטערעסירט און ערשט דאנן האט ער דערזעהן די אויפשריפט:

„א קלאג צו אייך, צארישע תליונים!“

ער האט זיך עפעס ווי פערוואונדערט: ווי קומט עס אהער? ווער האט זיך דאס געקאנט אונטערשטעלען שרייבען אזעלכע מורא'דיגע ווערטער דא, אין געפיינגנים גופא?!.... ער האט גענומען זוכען מיט די אויגען נאך אויפשריפטען און געפונען. מאססען אויפשריפטען! אויף רוסיש, אויף אידיש, אויף פויליש און אויף א סך שפראכען, וועלכע ער האט נישט געקענט איבערלייענען. אבער ער איז געווען זיכער, אז די אויפשריפטען, וועלכע ער פערשטעהט נישט, זיינען אויך אזעלכע, ווי די, וועלכע ער פעשטעהט, און עס האט איהם פערדראסען פאר וואס פערשטעהט ער זיי נישט. און ער האט מעהרערע מאל שטארק געקוקט אויף זיי, גלייך ער וואלט געהאפט, אז סוף כל סוף וועט ער זיי דאך פערשטעהן. עפעס האט ער זיך דערפיהלט היימליכער, דרייסטער, שטארקער און פרייער אין דער מאססע קללות און חרמות אויף די גאנצע באנדע אונטערדריקער און הערשער.

ער האט דערהערט טריט און איז אבגעשפרונגען פון וואנד. מען האט געבראכט דעם מיטאג.

צמח האט זיך איינגעקוקט אין די ושאנדארמען: צו ווייסען זיי פון די אויפשריפטען? ער האט בעשלאסען, אז זיי ווייסען נישט, און עס איז איהם אנגענעהם געווארען, וואס ער ווייס אין זייער מלוכה פון א זאך, פון וועלכע זיי ווייסען נישט. ער וועט שוין אויך עפיס אויפשרייבען! עפיס אזוינס וועט ער אויפשרייבען, וואס זאלל זיין שטארקער פאר אללע אויפשריפטען. ער הייבט זיך אן דערמאנען אלע הארבע, שטארקע ווערטער פון דעם קליינעם בלויען, געשרי־

בענעם ביכעל.

הם!..,.. דא גופע, וואו דער ושאנדארם איז דער גאנצער תקיף, קען ער איהם שעלטען, וויפיעל דאס הארץ געלוסט!... דער געדאנק געפעלט איהם שטארק. און באלד בעווייזט זיך ביי איהם א נייער געדאנק, וועלכער רעגט איהם אפילו אויף: ער וועט אויס-שרייבען אויף די וואנד דעם תוכן פון דעם קליינעם ביכעל!

נאך האט איהם גענאגט דאס הארץ, נאך האט איהם עט־וואס אונרוהיג געמאכט, נאר ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האט ער פערגעסען אלע אומעדיגע און שווערע געדאנקען. ער האט ווידער אנגעהויבען אומגעהן איבערן צימער און דערמאנען זיך דעם אינ־האלט פון דעם ביכעל. און ער פרייט זיך: ער געדיינקט! א סך געדיינקט ער! סאר א טהייערע, גאלדערנע ווערטער! יא, ער מוז עס אלץ אויפשרייבען!... זאלען אלע, וואס פאלען אהער אריין, זאלען אלע דאס לייענען!....

און צמח איז געווארן דער אייגענער צמח, ווי אין דער נאכט, ווענן ער האט צום ערשטען מאל געלייענט דעם ביכעל. ער וואלט אלץ אוועקגעבען אבי צו האבען ביי זיך דאס ביכעל און לייענען און לייענען. און דעם מחבר, דעם מחבר ווי וואלט ער וועלען זעהען!

אין דעם ביכעל האט ער געפונען זיין טרייסט.

ער געהט אום איבער'ן צימער, בייסט די נעגעל און דערמאנט זיך:

„די בעסטע פון אונז ווערען אומגעקומען דורך דעם צאר'ס אכזריות, וועלכער וויל אונטערדריקען יעדע זעלבסטשטענדיגקייט, יעדען פרייען געדאנק. מיט הונדערטער יאהרען צוריק פלעגען זיך מענשען מקריב זיין על „קידוש השם". פאר וואס זאל מען היינטיגע צייטען ניט מקריב זיין זיך לטובת הכלל, פאר מענשען ליעבע, פאר פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט? ווער עס פיהלט און איז מודה די היינטיגע ווילדע אונעהרליכקייט און אכזריות און ציטערט פאר זיין הויט און בעהאלט זיך, פעררוקט זיך אין זיין לאך, יענער איז א טויגעניכטס אדער אויפ'ן בעסטען אויפ'ן א גאנץ קליינער, קליינציגער מענשעלע, וועלכער איז נישט ווערט צו טראגען דעם

נאמען מענש.״

„מענשען דארפען מיר זיין!״ שטעהט ווייטער אין ביכעל. „מענשען פרייע, נישט געבונדענע, נישט דערשלאגענע און ניט אראב־געפאלענע ביי זיך! און ווען די גאנצע וועלט וויל אונז אנזעהן און רעכענען פאר איינפאכע מאשינעס, טא לאמיר איהר בעווייזען, אז מיר זיינען מאשינעס, וועלכע קאנען פלאטצען, ווען זיי ווילען — פלאטצען און צעררייסען און צוברעכען אלץ, וואס בינדט אונז, שמיעדט אונז, אונטערדריקט אונז!״

און יעדעס ווארט דרינגט אריין אלץ טיעפער און טיעפער אין צמח'ס מוח און הארצען, גיט איהם צו כח, ערפרישט זיין נשמה, לעבט איהם אויף און ער מאכט נאך א סך פירושים, גיט צו זיינע אייגענע געדאנקען זוכט ביישפילע אין דעם, וואס ער האט זיך אנגעזעהן און אנגעהערט אויף זיין לעבען.

אח, ער וועט שוין אנשרייבען עפעס אזוינס... עפעס אזוינס..

שעלטען וועט ער זיך!... ווי א מארק יודענע וועט ער זיך שעלטען!

ער קאנן גאר נישט פערשטעהן, וואס ער איז געוועזען אזוי ערשראקען, אזוי אראבגעפאלען ביי זיך. און ער קוקט מיט ליעבע און דאנקבארקייט אויף די אלע אויפשריפטען, אפילו אויף יענע, וועלכע ער פערשטעהט ניט. אין די אויפשריפטען זעהט ער די מענשען, וועלכע האבען זיי געשריבען, ער פיהלט זיי נעבען זיך, ווי גוטע חברים, וועלכע האבען איהם אויפגעמונטערט און געראַ־טעוועט.

דער סאלדאט, וואס האט איהם געבראכט די וועצערע, האט נישט געקאנט פערשטעהן, וואס איז עפעס דער נייער ארע־סטאנט אזוי לעבעדיג און אויפגערעגט.

---

און צמח האט שוין געוואוסט וואס צו ענטפערען. ער וועט נישט זאגען, אז ער פערשטעהט נישט קיין רוסיש, ער וועט אויך נישט זאגען, אז ער האט דעם ביכעל געפונען און וויים נישט, ווער דער מחבר איז. ניין, פע! ער האט א בעסערן תירוץ. ער וועט

ואגען, אז ער האט דאס אליין געשריבען. „אויפגעלאפען וועלען זיי ביי מיר מעגען ווערען", און ער וועט זיך האלטען ויינס! ער און ער.... ער איז דער שרייבער—און מאכט מיט מיר, וואס איהר ווילט!.. און מען וועט איהם גלויבען. פאר וואס זאל מען איהם נישט גלויבען? מען וועט איהם דערפאר.... נור זאלען זיי טהון וואס זיי ווילען! אין סיביר איז אין סיביר.....

„ווער עס פיהלט און איז מודה די היינטיגע ווילדע אונעהר־ליכקייט און אבזוריות און ציטערט פאר זיין הויט איז.... א גרויסער פאדלעץ, א פארך פון פארבענגלאנד!" לעגט ער איבער די ווער־טער פון ביכעל אויף זיין לשון און פיהלט, אז ער וועט קיין פאר־ליעץ נישט זיין, ווייל ער וועט אלץ טהון, ווייל ער איז אויף אלץ קאפאבל.

די מאמע, די שוועסטער... עך, זיי וועלען נישט פערפאלען ווערען. זאל דוכטען, אז מען האט איהם אבגעגעבען אין סאלדא־טען.... זאל דוכטען, אז ער האט זיך אבגעהאקט א האנד, אדער אז ער איז גאר געשטארבען.... זאל דוכטען.... מאלע וואס עס קאנן מיט א מענשען פאסירען! עך, זיי וועלען נישט פארפאלען וועלען. אונ גלאט—„חברה" וועט זיי שטיצען. ער ווייס, „חברה" אונ־טערשטיצט.—

ביים פערהער איז מען נישתומם געווארען: אט א דער ארר־בייטער מיט די גראבע מאזאלעדיגע הענד זאל קאנען אנשרייבען אזא ביכעל! מען האט איהם געהייסען שרייבען, נור ער האט שיין געווארט אויף דאס.

—דאס ביכעל האב איך געשריבען, ווענן די הענד זיינען מיר נאך נישט געוועזען אזוי פערגרעבט פון דער ארבייט. יעצט שרייב איך גאנץ אנדערס. א סך ערגער, האט ער גאנץ רוהיג געזאגט, נעהמענדיג די פען אין האנד.

דער חילוק צווישען ביידע האנדשריפטען האט זיך געוואר־פען אין די אויגען, נור צמח האט רוהיג אונ קאלט בלוטיג גע'חזר'ט ויינס „איך האב עס געשריבען"—אונ גאר.

מען האט איהם מתרה געוועזען, אז ער וועט מיאוס אבשניי־

דען פאר אזא חיבור: זאל ער בעסער אנריפען דעם מחבר. נור צמח האט מעהר ניט געצוקט מיט די אקסלען.

—איך וועל דאך ניט אויסטראכטען אויף עמיצען א בילבול, האט ער געזאגט תם'עוואטע.—

קומענדיג פון דעם פערהער, האט ער אנגעהייבען ביי זיך אין צימער טאנצען, שפרינגען, זינגען, שטעלען פייגען, מאכען נער־זער. אויסגענארט! אויסגענארט! אויסגענארט!

אונ גלייך האט ער געקריצט מיט א טשוועק אויף דער וואנד: „ברידער, פאר איין אנדערען וועל איך אוועקגיין אין סיביר, וויל איך האב עס אליין געוואלט. איך האב זיי אין דר'ערד די שיכורים! הורראה!„—

נאך איינגע פערהערן האט מען איהם איבערגעזעטצט אין איין אנדער געפיינגניס מיט א סך ארעסטאנטען צוזאמען אין איין זאל. ער האט געביינגט נאך זיין צימער, נאך די אייפשריפ־טען, ויינע בעסטע און טייערסטע פריינד. נור דאס איבערזעצען האט איהם דאך געפרייט. דאס האט געהייסען אז באלד וועט ער זיך דערוויסען זיין פסק. אונ איהם האט זיך אזוי שטארק געוואלט וויסען, אויף וויפיעל יאהר וועט מען איהם פערשיקען.

אונ אז מען האט איהם אנגעזאגט, אז ער געהט אוועק אויף דריי יאהר אין די ווייטע סיביר, האט ער עפעס דערפיהלט א מאדנעם נחת. אך, עס האט איהם געגאלטען אבטהון א גוטע, וואוילע, טייערע זאך! ער האט קיינעם ניט ארויסגעגעבען, דער מחבר איז גע־ראטעוועט! אויפשרייען וואלט ער פאר שמחה, די ווענד פערנאנדער־טראגען, פאטשען אין די הענד און טאנצען דעם פייערסטען „קאזיק"!.

די איבעריגע ארעסטאנטען האבען געמיינט, אז ער איז משוגע געווארען.—

אונ מיט א לייכטען הארץ אונ פריילעכען געמיטה איז צמח אוועק אין דעם ווייטען וועג, נישט טראכטענדיג אונ נישט זארגענדיג וועגען דעם, וואס מיט איהם וועט זיין. ויינס האט ער אבגעטאן...



# דער שניידער.

די שטוב איז קליין, די שטוב איז אלט,
אין יעדען ווינקעל מיסט אונ קייט.
ס'איז פינסטער, אומעטיג אונ קאלט,
א קראנקער שניידער זיצט אונ נייט.

דער שניידער נייט,
די נאדעל גייט,
דער מוח דרייט,
ס'איז גרויס די נויט,
ניטא קיין ברויט, ניטא קיין ברויט.

*
* *

דאס פנים געל, פערצאגט, פערטראכט,
די נאדעל רודערט טאג אונ נאכט,
פון צייט צו צייט א פוסטער הוסט
האלט אויף די האנד, רייסט אויף די ברוסט.

דער שניידער נויט,
די נאדעל גייט,
דער מוח דרייט,
ס'איז גרויס די נייט,
ניטא קיין ברויט, ניטא קיין ברויט.

*
* *

אין שטוב איז אומעטיג אונ פוסט,

פון וויעג א זיפץ, פון בעט א הוסט,
א קליינעס לעמפעל ברענט זיך שוואך,
א דראבנער רעגען קלאפט אין דאך.

דער שניידער נייט,
די נאדעל גייט,
דער מוח דרייט,
ס'איז גרוים די נויט,
ניטא קיין ברויט, ניטא קיין ברויט.

.
. .

„וואס טהוסט דו, שניידער, אויף דער וועלט?"
„איך לעב"....—א שווערליכע קעלט
נעמט אן ביין הארץ. פערפפלוכטע נויט!
אז דו הייסט **לעבען**, וואס איז טויט?!

דער שניידער נייט,
די נאדעל גייט,
דער מוח דרייט,
ס'איז גרוים די נויט,
ניטא קיין ברייט, ניטא קיין ברויט.

אנ———



# יסורים.

## דראמא אין איין אקט.

פערזאנען:

חיה גיטע, ר. מרדכי דעם גבאי'ס אלמנה.
ליובא, איהר טאכטער.
ר. אליקים, איין אלטער גוטער פריינד.
ציריל, חיה גיטע'ס דיענסט.



ארט: אין א גרויסער שטאט אין רוססלאנד.
צייט: די יעצטיגע.



דאס עססצימער ביי חיה גיטען, אויסגעקלעבט מיט געלע טאפעטען. לינקס אין פארדערגרונד א קאמאד, פערדעקט מיט א געלען טישטוך מיט רויטע ברעגעס; איבער איהר הייננט איין אל־טער, אין עטליכע ערטער אנגעשפאלטענער שפיעגעל, פון וועלכען דאס געזיכט קומט ארויס פערדאפפעלט; אויף איהם שטעהן מע־שענע לייכטער: פיער גרויסע און צוויי קליינע און עס ליעגט א דא־מענהיטעלע. ווייטער פון קאממאד די טהיר, וועלכע פיהרט אין זאל; הינטער דער טהיר די הינטערסטע וואנד פון דער הרובע, וועלכע שטעהט אין זאל, רעכטס מעהר אין פארדערגרונד א קא־נאפע, בעצויגען מיט ברוינעם לעדער, אויסגעריבען און אין עטליכע ערטער צערריםסען. נעבען איהר שטעהט א פליגעל טיש, איבער־

געדעקט מיט א ציראטע; איבער איהר הייננט דאס גרויסע בילד פון משה מאנטעפיארע, ארומגערינגעלט פון א סך קליינע פאטאגראפישע בילדער. פוןביידע זייטען קאנאפע — פענסטער מיט גארדינען. אונטער די פענסטער שטעהען ווייכע שטוהלען, בעצויגען מיט א רויטער מאטעריע. אין דער מיטטעלוואנד א טהיר, וועלכע פיהרט אין די קיך און אין פארהויז. רעכטס פון דער טיהר א גלעזער־שראנק, לינקס פון איהר הייננט א האנדטוך און בגדים.—רעכטס און לינקס פון פובליקום.

ליובא—א יונג מיידעל פון א יאהר צוואנציג, פון מיטטעלען וואוקס, מיט פענסנע, וועלכע הייגען אויף א שווארצען שנירעל, שטעהט נעבען דעם קאממאד איבער א הויפען בריעף און געשריבענע פאפיערען און קוקט איבער יעדעס בעזונדער. איינינע לעגט זי אב אן א זייט און איינינע פערברענט זי אויפ׳ן ליכט, וואס ברענט פאר איהר אויף דעם קאממאד. זי איז זעהר אויפגערעגט, דאס געזיכט איז בלייך, זי איז צוטראגען; דער קאפף איז וויים פון דאנען: איהרע געדאנקען זענען ערגיטץ וואו אנדערס: די גאנצע צייט רעדט זי ווי „נישט זי גאר“.—אין צימער איז רויכיג פון דעם פערברענטען פאפיער. פון קיך הערט זיך דאס איינטונקען פון א טוך איז וואססער.

---

ליובא (רופט שטילל, ווי זי וואלט מורא האבען עמיץ אויפצורוועקען):—צירל! (אין קיך ווערט אויסגעדרעהט א טוך).

ליובא (רופט פעסטער ,אבער ווי פריהער אבגעהיט):—צירל!

צירל (פון קיך, אונצופרידען):—הא־א?

ליובא—.קום אהער. איך קאנן דיר ניט שרייען. די מאמע שלאפט אין זאל אויפ׳ן קאנאפע.—אבער, צירל!

צירל (ווי פריער)—.וואס האט עס אזוי דארטין אנגעשפארט. (זי בעוויזט זיך אין טהיר, שטעהענדיג מיט א זייט אונ איבערבייגענדיג דען אייבערקערפער. זי איז בארפיס; דאס קלויד איז אונטערגעבונדען אונ אין די הענד האלט זי א גרויס נאסס טוך; זי היט זיך נישט אנצוקאפען אין עססצימער).—זעה, וואס פאר א רייך!

פע־ע־ע! וואס האט איהר דאס אנגעמאכט, וואס?

ליובא (נעמט צו־נ־אויף די אש)—.גאר נישט, גאר נישט. עפעס פערברענט—ביזט יעצט פערנומען, צירל? וואס טהוסט דו?

צירל (מאכט א בעוועגונג צום אוועקגעהן)—. איהר זעהט, דאכט זיך, אונ הערט, דאכט זיך, אז איך שפיעל מיך נישט. איהר קאננט דאכט זיך הערען, אז איך וואש די פאדלאגע אין קיך.

ליובא (עוסקענדיג זיך מיט די אש)—.איך האב דיך געוואלט עפיס בעטען... —קאנסט נישט אויף א ווילע אויפהערען צו וואשען? איך האב דיר געוואלט בעטען א קליינען גאנג. (געהט מיט דער אש צו דער טהיר, אין וועלכער צירל שטעהט).

צירל.—נו, נאך עפעס האט מיר געפעלט. איך האב, הייסט עס, מעהר נישט וואס צו טאן. (זי פערשווינדעט נאך ליובען. מען הערט זי אויסדרייען דאס טוך.)

ליובא (קומט צוריק, עפפענט אויף א פענסטער, פערטרייבט מיט איהר טאשענטיכעל דען רייך, פערלעשט דאס ליכט, רייניגט אב דען קאממאד אונ לעגט צו־נ־אויף די געבליבענע פאפירען. זי בעהאלט זיי אין דער אונטערסטער שופלאד).

צירל (בעוויזט זיך ווייטער אין טהיר. שוין אהן דאס טוך, רעדט ברוגזדיג)—.וואוהין דארף איך געהן, וואוהין?

ליובא.—קאנסט דו שיין געהן?

צירל.—און אז איך קאנן נישט, איז וואס? זאגט שיין וואוהין, זאגט שוין. [זי לאזט אראב די אויפגעהייבענע וייט פון קלייד].

ליובא. (שטעהט אויף פון נעבען דער אונטערסטער שופלאד, געהט צו צו צירלען און זאגט איהר שטילל)—.געה אויף די ניקאלאיעווסקע אוליצע, אט דארטען, וואו.... (זי ווערט ענטשוויגען אונ לעגט עפעס איבער.) נא, ניין צירל. איך האב איבערגעלעגט. מען דארף נישט. איך וועל אליין געהן.

צירל—.איז וואס האט איהר מיר געדרעהט א קאפף? איך וואלט שוין לאנג פארטיג געווארען מיט דער קיך (זי פערשווינדעט).

(ליובא נעהמט אראב פון וואנד איהר מאנטעל אונ טהוט זיך אן).

(חיה גיטע קומט אריין. זי איז א יודענע אין די פונפציגער יאהרען, פון איין וואוקס מיט איהר טאכטער. אנגעטהאן אין א דונקעלעם ציצענעם קלייד מיט א פאריק אויפ׳ן קאפף).

חיה גיטע (גענעצענדיג)—.פע, וואס שמעקט דאס אזוי מיט סמאלענעס? וואס האט דא געברענט?

ליובא. גאר נישט, א שטיקעל פאפיער פערברענט.

חיה גיטע. שטענדיג נור שטיקלעך פאפיער פערברענט. מען שרייבט נישט און מען פערברענט נישט. וואס פאר א רייך פע! וואוהין געהסט דו שוין?

ליובא—(אנטוענדיג דאס היטעלע). איך דארף אויף א ווײלע.

היה גיטע. דיינע ווײלעס! דו וואלסט בעסער געבליבען אין דער היים.

ליובא. ניין, איך קום טאקי גלייך צוריק. אויף וואס דארפסט דו מיך אין דער היים?

חיה גיטע. אויף וואס דארף איך דיך אין דער היים? אויף וואס זאל איך דיך דארפען? גאר נישט.... מאגסט א מאל זיטצען אין דער היים אויך, מיט דער מאמען מאגסט דו...

(ליובא געפינט איהר רעגענשירם).

חיה גיטע. ר. אליקים האט געזאגט, אז ער וועט היינט צו אונז קוממען. (זי קוקט אריין אין זאל אויפ׳ן וואנד זייגער). — שיין דריי א זייגער. ער דארף טאקי דא באלד זיין. וואלסט דו געמאגט זיין אין דער היים.

ליובא (אין טהיר) —. גוט, גוט, איך קום באלד.

חיה גיטע. אוי, אוי, אוי, רעד און רעד נישט! אקוראט ווי איך וואלט נישט קאנען איהר „באלד". (זי געהט אריין אין זאל פון וואנען זי געהט ארויס מיט א זאק. זי געהניצט און רופט)—. צירל!

(צירל שווייגט. מען הערט זי אויסגיסען וואססער).

חיה גיטע (בייז)—.צירל!

צירל (פון קיך אונצופרידען.)—הא־א?

חיה גיטע (מיט הארץ)—.דו מאגסט דיך בעוויזען, אז מען רופט דיך—. צירל!

צירל (אין טהיר מיט דעם נאססען טוך אין די הענד)—. וואס איז, וואס?

חיה גיטע. וואס איז דאס ביי דיר פאר א געוואהנהייט, אז מען רופט דיך, איז אדער דו רופסט דיך גאר נישט אב, אדער דו שרייסט, „האז?" אז מען רופט דיך דארף מען דאך דיך. װאלל איך צוריסען װערען שרייענדיג איבער אללע חדרים. וואס טהוסט דו איצטער, וואס?

צירל. (ווערליג חיה גיטע רעדט, בורצעט זי אונטער: גוט, נו גוט... זעהר שוין... און אויף חיה גיטעס פראגע ענטפערט זי מיט הארץ)—. איהר הערט דאכט זיך, אז איך וואש די פערעדנע!

חיה גיטע. שטעל דען סאמאוואר, שטעל.

צירל (בורצענדיג)—. אלץ אויף א מאל, אלץ!

**פויזע.**

(חיה גיטע זיצט אויף דער קאנאפע, מאכט די זאק און געהנעצט).

(ר. אליקים קומט אריין. איין אלטער נידעריגער יוד, מיט א גרויסער, גרוילינער בארד און געדיכטע וואנסען. אנגעטהאן אין א לאנגען שווארצען, מיט פלעקען בעדעקטען מאנטעל, פערווארפען א פאלע אויף א פאלע. די רעכטע העלפט הויזען איז פערקאס־סערט ארויף, די לינקע העלפט איז אראבגעלאזען. די גאנצע צייט, ווערליג ער זיצט און רעדט, טהוט ער עפעס: רויבערט זיין ציבוק, וועלבען ער לאסט נישט ארויס פון מויל, אדער ער טרינקט טהיי).

חיה גיטע. אט איז ר. אליקים!

ר. אליקים. גוט מארגען, גוט מארגען....

חיה גיטע (לעגט אוועק די זאק און געהט איהם אנטגע־גען)—. גוטען טאג, גוט יאהר אייך. נעמט אראב אייער פאלטא, ר. אליקים, און זעצט אייך. ליובא וועט אייך באלד קומען. זי איז נור אויף א ווילע ארויס. [אין טהיר צו צירלען). צירל אויף גיך דעם סאמאוואר.

צירל (פון קיך)—. איך שטעל שוין אלץ אויף גיך. עס ברענט און גאר.

## פויזע

(ר. אליקים ועצט זיך ארויף דער קאנאפע אין זיין מאנטעל, שפארט זיך אן אונ רויכערט זיין ציבוק).

(חיה גיטע נעמט אראב איהר זאק פון טיש און נעמט ארויס א טישטוך פון קאמאד. אין דער גאנצער צייט פון דעם פאלגענדעם געשפרעך איז זי בעשעפטיגט; זי שפרייט אויס דאס טישטוך, נעמט ארויס די גלעזער, ווישט זיי איבער און שפעטער איז זי בעשעפטיגט מיט'ן סאמאוואר און מיט טהיי אנגיסען און טהיי טרינקען).

ר. אליקים. עס טהוט זיך יעצט אביסל אין דער ניקאלאַ־יעווסקער גאסס. ארום דער יודישער שקאלע שטעהט א גרויסער עולם.... שווארץ פון מענשען. ביי דעם לעהרער... ווי הייסט ער דארטען? איהר מוזט דאך וויססען, ער איז דאך געוועזען ביי אייך אין אפטער אריינגעהר... מיידאנסקע אדער ווי? איז גאנץ פאליציי מיט ושאנדארמען. שוין פון דריי וייגערנע שעה זיינען זיי ביי איהם. מען זאגט זיי האבען אויפגעריסען אין דער שקאלע די פאדלאגע מיט'ן מיט'ן, מיט'ן... ע... בוידעם, אויפגעטרענט אללע נעט אין זיינע קלוידער און אין זיינע וועש, זאגט מען...

חיה גיטע (איבערראשט)—. ביי מיידאנסקי דעם לעהרער!

ר. אליקים. מיידאנסקי אדער ווי... מיידאנסקי הייסט ער, דאכט זיך. איהר מוזט דאך בעססער וויססען.

חיה גיטע. מיידאנסקי, מיידאנסקי... איז ביי איהם פאליציי?

ר. אליקים. אויי זאגט מען, אזוי. שוין פון דריי וייגערנע שעה. די גאנצע גאסס איז שווארץ פון מענשען.

חיה גיטע. האט איהר אפשר נישט בינגעגנט מיין ליובען?

ר. אליקים. (ארויסנעהמענדיג דען ציבוק פון מויל)—. וואס איז! איז זי דען געגאנגען אהין?

חיה גיטע ניי...ן, איך וויים נישט. זי האט געזאגט, אז זי געהט אויף א ווילע. זי זאגט דענן וואוהין זי געהט. צירל, צירל?

צירל (פון קיך)—הא הא! איך מאך איהן, איך מאך איהן, שוין באלד פארטיג. וואס זאלל איך מיך אריינזעצען אין איהם.

וואס? ער זינגט שוין.

חיה גיטע (אין טהיר)—.לאז איצט דעם סאמאוואר, איך וועל אלליין שוין אויף איהם קוקען, און לויף אויף די ניקאלאיעוו־סקע גאסס צו דער יודישער שקאלע און זעה, צו שטעהט דארטין נישט ליובא. זאג איהר, אז איך האב שוין געהויסען קומען א הוים. אויף גיך נור, מאך נישט קיין שהיות.

צירל. אלץ אויף גיך. עס ברעננט רק.

חיה גיטע (אין טהיר]—.רעד נישט. רעדען וועסט דו שפע־טער. הערסט דאך וואס ר. אליקים דערצעהלט, ביי מיידאנסקין איז פאליציי מיט ושאנדארמען.

צירל (שרייט אוים מיט שרעק)—. פאליציי! (מען הערט זי אויף גיך אנטהון די שיך אונ באלד האסטיג א קלאפ טהון מיט דער ארויסגנאג־טהיר).

(חיה גיטע גרויט אן דען טשייניק].

ר, אליקים. וואס זייט איהר אזוי צו טריוואושעט, וואס? מיר דוכט...

חיה גיטע. איך וועל אייך זאגען דעם אמת, ר. אליקים. איך ווייס נישט צו זאלל איך זיין טרעוואזעט צו זאלל איך מיך פרייען. אז איך וואלט געוואוסט, אז מיין ליובא איז עפעס דא נישט פערמישט, וואלט איך מאכען א גרויסען „ברוך שפטרני“. ווארום איך האב איהן נישט געקענט ליידען ווי א שפין, ווי א שפין האב איך איהן נישט געקאננט ליידען. אז ער פלעגט אריינקוממען— אונ זאלל ער שוין אזוי נישט קוממען, ווי ער פלעגט אריינקוממען! אללע טאג, ווי ביי גאט אטאג פלעג איך איהן שוין דא האבען— פלעגען מיר פערטרייסעלט ווערען הענד אונ פיס, פינסטער אין די אויגען פלעגט מיר ווערען... און ארויסטרייבען....

ר. אליקים. איך וואלט איהן ארויסגעטריבען ווי א הונד. פון אללע טרעפ וואלט איך איהן אראבגעווארפען.

חיה גיטע. אט דאס רעד איך דאך. (זי לויפט אין קיך אונ ברייננט אריין דען סאמאוואר)—. אט דאס רעד איך דאך. ארויס־טרייבען איהן—האט זיך נישט געוואלט אנמאכען קיין סקאנדאלען.

ר. אליקים. סקאנדאלען! וואס הייסט סקאנדאלען? מען זאגט איהם, אז איך וויל נישט, ער זאלל צו מיר קוממען און גאר. וואס הייסט פערפיהרען מיט איהם סקאנדאלען? מען רופט א גאַ־ראדאוואי ווען ער וויל נישט מיט גוטען אוועק.

חיה גיטע. איך וויים, איך האב עס אבאר נישט געקאנט טהון און אזוי האב איך ביי מיר אין שטוב געדארפט ליידען פון איין איך וויים ניט וועמען. איהר ווייסט דאך מסתמא ווער מייַ־דאנסקי איז, זיין גרויסען יחוס?

ר. אליקים. שדים זאללען איהם וויססען. ווער האט איהם געקאנט? ווער איז דער מיידאנסקי?

חיה גיטע. מלך דעם שניידערס א זוהן.

ר. אליקים (נאכדענקענדיג אונ וועלענדיג דערמאננען זיך)—. מלך דעם שניידער'ס א זוהן?

חיה גיטע. אט מלך דער שניידער, וואס האט געוואהנט נעבען שולהויף.—אט איהר מוזט איהן קאנען.—אח, מלך א קליי־נער יודעל, א שיכור, וועלכען מען האט געחאפט, איך בעט אייך איבער פאר די רעד, מיט דער...

ר. אליקים. א־א־א, מלך מיט דער ציעג! אזוי רעדט! מלך מיט דער ציעג, ווער קאן איהן נישט? איז אט דאס איז דאס מיידאנסקילע? א פיינער יחוס! אונ אט דען האט איהר אריבער־געלאזען אריבער אייער שוועל?

חיה גיטע. (גיעסט אן טהיי)—. קאננט איהר שוין פערש־טעהן, וואס איך האב מיך אנגעליטען. איז אז מיין ליובען וואלט נור ניט געשאדט, וויים איך נישט, זאג איך אייך, ווי לויבען און דאנ־קען גאטט, וואס איך בין פון איהם אויסגעלויזט געווארען. (זי קוקט אין פענסטער)—.און די איז אוועקגעגאנגען און איז אויך פערפאלען געווארען. אז מען שיקט זי, די נארר. א דיענסט האב איך, נו. אז עס געהט זאג איך אייך, ר. אליקים, געהט פון אללא זייטען. (זי זיפצעט אונ טרינקט טהיי).

פויזע.

(זיי טרינקען. ר. אליקים „חליאבעט“ אויפין קול. חיה גיטע ויפצעט).

ר. אליקים. יע, איך מוז אייך זאגען דען אמת, איהר זייט פארט א יודענע. אז...

חיה גיטע. זאגט אליין, וואס האב איך געזאלט טהון? איהר וואלט וויססען, ר. אליקים, וואס איך שטעה מיך אויס. צו מיינע צרות, זאג איך אייך, איז גאר קיין גלייכען נישט דא. עס איז גאר א חרפה און בושה, צו דערצעהלען. (היציגער)—. אז פון אללע עקען וועלט און אללע „איך וויים נישט־ווער“ קלייבען זיך צו איהר! רבוני של עולם, אז איך זאג אייך... עפעס בעלי־מלאכות. אבגעריי־סענע, קויטיגע, נישט געוואשענע, עפעס אזעלכע גראבע נפשות.... אח גאטטעניו, גאטט... עפיס אז פאליציי וואלט זיי אללע אויסגע־חאפט אין איין נאכט, אט אזוי ווי דען מיידאנסקין, וואלט מיר עפיס געווארען א ליכט אין די אויגען!

ר. אליקים. איהר זייט אלליין שולדיג. אלליין, אלליין. דאס וועט איהר מיך נישט איינשמועסן. פון אנהויב אן נישט געדארפט גאר צולאזען. נישט דא! און גאר. ווי הייסט, מען וועט צו מיר געהן, אז איך וויל נישט?!

חיה גיטע. איהר זייט זעהר גערעכט ר. אליקים, איהר זייט זעהר גערעכט. נאר וואס זאלל איך טהון, אז ווענן איך הייב אן צו רעדען בלייב איך דער נאררער אונ... אונ.... אונ גאר! אח אח אח! ווילט איהר נאך א גלאז?

(ר. אליקים רוקט איהר צו דאס גלאז אונ שפארט זיך צוריק אן).

חיה גיטע (גיסט אן אונ זיפצעט). —אח, אח, אח... איך בין ווערט.... וויים איך, וואס איך בין ווערט? מען זאלל מיך צורייסען אויף שטיקער בין איך ווערט. נור ווי׳די מעשה איז, יעצט איז ביי־טער, זעהר ביטער. אונ קאן מיך קיין עצה נישט געבען, וואס הייבט מען אן צו טהון. (קוקט פערזוארגט אין פענסטער).

ר. אליקים. אט דאס וואס איך האב אייך געזאגט. בע־

סער דארפט איהר נישט. דער בחור איז...

חיה גיטע [רייסט אב דעז בליק פון פענסטער)—. גוט, זעהר גוט. איך זאג אייך, אז איך ווייס עפּיס ניט וואס פאר א תשובה איך זאל אויף זיך נעהמען, אז פון דער זאך זאלל עפּיס ווערען. נור וואס זאלל איך טהון, אז איך האב אפילו מורא אנהייבען מיט איהר צו רעדען. געה רעד איהר שידוכים, אז יענע איז...

ר. אליקים. מורא! וואס הייסט, איהר האט פאר איהר מורא?! וואס, איהר לעבט פון איהר? זי האלט אייך אויס? וואס הייסט מורא? וואס טייטש מורא?

חיה גיטע (זיפצעט)—. וואס האב איך וואס צו רעדען, וואס. אט איהר וועט זעהען, וואס זי וועט אייך ענטפערן...

(די ארויסגאנג טהיר ווערט צוגעמאכט).

(חיה גיטע שפּרינגט אויף און געהט ענטקעגען).

(ליובא קומט אריין, ווייכט אויס די מוטטערס פּרובענדיגע בליקען, היינגט אויף דעם מאנטעל און לעגט אוועק די היטעלע אויף דעם קאממאד).

חיה גיטע. א שיינע ווילע, נישט דא וואס צו רעדען. איך האב דאך דיר געזאגט, אז ר. אליקים וועט קומען. ר. אליקים זיצט שוין דא פון צוויי זייגערנע שעה, א שטאטט א ביסל.

ר. אליקים. נו, וואס א גרייסע זאך, ר. אליקים! ר. אליקים איז אלט, ר. אליקים איז א פשוטער יוד, צו ר. אליקים׳ען קומט נישט אין מיטטען העללען טאג קיין...

חיה גיטע (פאלט איהם אריין אין די רעד)—. האסט דו צירלען נישט בעגעגענט?

ליובא. ניין. וואוהין האסט דו דען זי געשיקט?

חיה גיטע. וואוהין זאלל איך זי דען שיקען? א שטאטט א ביסל. ר. אליקים איז געקומען...

ליובא (זעצט זיך צום טיש, געגען פענסטער)—. וואס האט איהר דא אזוי אהן מיר אנגעוואָרען? איהר זייט אייך גאנץ רוהיג געזעססען, געטרונקען טהיי און גוט געזיעדעלט מיך אונטער די אייגען.

ר. אליקים. פּששש און אין...

ליובא. גיב מיר אויך א גלאז טהיי. עס פריערט עפיס אזוי. או־הו־הו... (זי רייבט זיך די הענד).

ר. אליקים. און אין די אויגען וועל איך עס דען נישט טהון? איך דארף דא האבען פאר דיר גרויס דרך ארץ. אט אין די אייגען ואג איך דיר...

(ליובא לאכט מיט א נערוועזען געלעכטער).

חיה גיטע (קוקט אויף איהר פערזארגט). ביזט מיר ׳זפעס... וואס קוקסט דו אלץ אין פענסטער?

ליובא. איך טראכט אלץ פאר וואס איז ר. אליקים אויף מיר ברוגז. ווענן ער קומט נאר צו אונז, וואלט ער וועללען מיט מיר קריגען זיך.

ר. אליקים (היציג)—. איך וועל דיר זאגען, פאר וואס. דער־פאר, איך וועל דיר זאגען, דערפאר, וואס ווי דו פירהסט דיך אויף דארף זיך אויפפיהרען א איך ווייס נישט ווער, אבער נישט ר. מרדכי דעם גבאבי׳ס בת יחידה.

(חיה גיטע ווישט זיך די אויגען).

ר. אליקים (נאך היציגער). אז דיין טאטע וואלט געלעבט, וואלט ער דיר צוואנציג מאל א טאג צופאטשט די צורה.

(ליובא „איז ווייט פון דאננען". זי קוקט אין פענסטער און הערט דאכט זיך נישט וואס ער רעדט).

ר. אליקים (בעמערקט עס אונ מאכט אוועק מיט דער האנד)—. נא, בעססער, אז מען רעדט גאר נישט.

חיה גיטע (וויינענדיג)—. אט אזוי איז זי, אז מען רעדט צו איהר, מאכט זי זיך נישט הערענדיג.

ר. אליקים. אט דאס זיינען מיר מבלאמפערסט די נייע מענשען, די געבילדעטע. מישען זיך אין אלץ, ווילען ראטעווען די וועלט און אז דער טאטע־מאמע מאג שטארבען ביי זיי אונטער די פיס, וועלען זיי אפילו אין יענער זייט נישט א קוק טהון. אח, א רוח אין אייערע צורות!... [צו חיה גיטע]. נייך, און איהר זייט ווערט, מען זאלל אייך שמייסען. שמייסען זייט איהר ווערט!.. אז איהר וואלט געוועזען א רעכטע מאמע... א מענש מיט דעת, אז איהר וואלט

געוועזען... ווייסט איהר, וואס איך וואלט געטהאן, ווייסט איהר? איך וואלט שוין לאנג דערלאנגט אין פאליציע אויף מיידאנסקילען מיט דער גאנצער חברה. אט, דאס וואלט איך געטהאן!

ליובא. שיינע זאכען וואלט איהר אבער געטהאן, ר. אליקים.

ר. אליקים. איך וואלט עס געטהאן, ווי איך בין א יוד, איך וואלט עס געטהאן, אונ דו רוף מיך „קנאקניסעל", אויב דיר געפעהלט נישט. ווארום וואס מען טהוט מיט אייער חברה, איז אלץ א מצוה. אויף אייך איז גאר אסור לרחם, ווארום איהר אליין האט גאר שטיינערנע הערצער.... איהר זייט גאר קיין מענשען נישט.....

ליובא [בערוהיגענדיג]—. נו גענוג ר. אליקים. לאמיר אונז אויפהערען צו קריגען זיך. דערצעהלט בעסער וואס הערט זיך פאר נייעס ביי אייך? וואס פאר א גוטעס האט איהר געבראכט?

חיה גיטע. וואלסט דו נאר אזוי געוואלט הערען, אח ווי גוט עס וואלט שוין געוועזען דיר און מיר און אונז אלעמען.

ליובא (לוסטיג)—. ר. אליקים, גוטינקער, טייערינקער, רעדט, זעהט איך בעט אייך. איך וועל הערען, מיטביידע אויערען וועל איך הערען, אט איהר זעהט, א — (זי ציהט די אויערן) —. איז ער עפעס א שיינער בחור?

חיה גיטע. זעהט איהר הא? טא געהט רעדט מיט איהר.

ר. אליקים (מיט כעס)—דו ביזט נישט ווערט זיין פאדמיאטקע אפילו, נישט ווערט, אז איך זאלל דיר גאר אנרופען זיין נאמען... איך וואלט מיך אויסלייטערן נישט געקאנט, ווען איך וואלט צוגעלאזען דעם שידוך, אויסלייטערן וואלט איך מיך נישט געקאנט!... דו!...

חיה גיטע [וויינענדיג]—. איז ער דענן נישט גערעכט?

ר. אליקים (ארויסגעהענדיג פון הינטער טיש)—. נא, איך האב דא נישט וואס צו זיטצען און אויסעססען מיר דאס הארץ.

ליובא (לוסטיג און פרייליך]—. נו שא, שא, שא, ר. אליקים, איך וועל מעהר גאר נישט רעדען.

חיה גיטע. בלייבט ר. אליקים, בלייבט. וואס דארפט איהר

איך אויסמאכען פון איהרע רעד.

ר. אליקים.— ניין איך וועל שוין געהן. (שטאפט אן העפטיג זיין ציבוק.) איך בין אריינגעגאנגען, בין איך אריינגעגאנגען נור פון אייערט וועגען. נישט פון מיינעטוועגען. איך בין קיין שדכן נישט אוז לעב, דאנק גאטט, נישט פון שדכנות. [צינדט אן דען ציבוק]—. נא, איך האב מיינס געטהאן. איך וויים, איך האב געוואלט יוצא זיין, נא, מילא, א גוטען טאג אייך. נור דאס זאג איך דיר נאך: זעה דו, זאלסט נישט האבען אזא פסק ווי דיין מיידאנסקי...

חיה גיטע (מיט שרעק)—. זאלל גאטט אבהיטען, רבונו של עולם! אין קיין בייזער שעה זאלל עס נישט אויסגערעדט ווערען.

ר. אליקים. נו, מוילא איהר וועט דערמאנען מיינע ווער־טער, וואס ארט אייך. נא, א גוטען טאג.

חיה גיטע (בעגלייטענדיג)—. אגוט יאהר אייך, ר. אליקים.

ליובא (פון איהר ארט)—. א גוט יאהר.

**פוויע.**

(ליובא פערברעכט די הענד און לעגט זיי ארויף מיט דער אויבערסטער זייט אויף די אויגען. פלוצלונג רייסט זי פערנאנדער די הענד מיט א פערצווייפעלטען קרעכץ און לאזט זיי און דען קאפף היינגען. באלד ספארט זי זיך אן שטוהל. פערברעכט ווידער די הענד און לעהגט זיי ארויף ווי פריער אויף די אויגען).

(חיה גיטע קומט צוריק אריין מיט א זיפץ).

(ליובא נעמט שנעל אראב די הענד פון די אויגען און קרעפטיגט זיך צו שמייכלען.)

חיה גיטע (זיפצעט)—. אז ער וועט מעהר צו אונז נישט קו־מען, וועט ער זיין זעהר גערעכט. ווארום נאך אזא אויפנעהם....

ליובא [שפרינגט אויף און נעהמט ארום די מאמען]—.ניין, ניין, מאמינקע, מעהר וועל איך עס נישט טהון. (שטיפענדיג)—. אט זעהסט דומיין האנד, טאקי נא דיר מיין האנד, אז מעהר וועל איך עס שוין נישט טהון. (איהר קול ציטערט. זי חאפט ארום די מוטער און העבט זיך אן מיט איהר צו דרעהען, בעדעקענדיג זי מיט קוססען).

חיה גיטע (רייסענדיג זיך פון איהר)—. לאז אב, משוגענע.

(ליובא ועצט אוועק די מוטער אויף א שטוהל, בלייבט שטעהן אנגעשפארט אן איהר אקסעל און שאקעלט זיך מיט איהר צוואמען).

חיה גיטע (בעפרייט די הענד, נעמט ארויס איהר טאַ־שענטוך און ווישט זיך די נאז מיט די אויגען)—. אח, טאכטער, טאכ־טער, אזא גוטען מזל זאלען מיר האבען, סאַר א גוט הארץ דו האסט. איך ווייס עס דענן נישט? אבער נור צו פרעמדע ביזט דו גוט, נישט צו דיין מאמען און נישט צו דיר אליין. מיר וואלטען דאך אזוי גליק־ליך לעבען. וואלט איך דענן געדארפט ווי איצטער וויינען נאך מיי־נע יאהרען און טעג? אז דו וואלסט האלט געהאט דיין מאמען ווי דער סדר איז...

ליובא (קוסט זי שטארק אויפ'ן מויל)—. ועהסט, הא, מאמע?

חיה גיטע. אח, וואס קומט ארויס פון די קוססען! אז דו וואלסט מיר האלט געהאט ווי דער סדר איז, וואלט איך דאך געוועזען די גליקליכסטע אין דער גאנצער וועלט. וואס וואלט מיר געפעלט?

(ליובא דריקט די מוטטער צו זיך פעסטער).

חיה גיטע. אח, טאכטער, טאכטער, וויפיעל מיר איז דאר־טין בעסערט צו לעבען, וואלט איך דאך געזעסען און גאט געדאנקט און דיין טאטע אין היממעל וואלט... (צו וויינט זיך ביטערליך).

(ליובא שטארק בלייך, מיט טרערען, וועלכע זי קרעפטיגט זיך איינצוהאלטען, געהט צו צום פענסטער).

חיה גיטע (טריקענט זיך די אויגען)—. נא, וואס איז די פעולה, אז איך רעד. מסתמה איז מיר בעשערט צרות צו האבען. איין האפנונג בלייבט נור, אפשר איז מיר געבליבען וויניג צו לעבען...

(ליובא נעמט ארויס איהר טיכעל פון קעשאנע, דריקט עס איין אין האנד און טראגט עס לאנגזאם צו צו די אויגען).

[די ארויסגאנגטהיר ווערט האסטיג צוגעמאכט].

[צירל לויפט אריין מיט אינפעט].

חיה גיטע. קוים אמאל געקומען.

צירל [מיט אינפעט]—. אוועקגעפיהרט איהן. ערשט אוועק־געפיהרט. א מאססע פאליצייסקע. אי, וואס עס האט זיך צו טהון!

ער איז געוועזען אזוי בלייך... זיין מאמע און די שוועסטער האבען געוויינט ווי אויף א לויה. א, אזא טייערען מענשען...

(ליובא פערדעקט די אויגען מיט'ן טיכעל, אנגעשפארט מיט די עלענבויגענס אן פענסטער).

חיה גיטע (וועלכע האט דערוויילע צו־נ־אויפגעשטעללט די גלעזער)—. נא, נא, פערנעהם עס אין קיך. און הער אויף צו דער־צעהלען. מען פרעגט ביי דיר נישט.

צירל (נעמט ביי איהר דען טאץ מיט די גלעזער)—.א, וואס עס האט זיך צו טהון...

ליובא (ווי מעגליך רוהיג).—איז ער געוועזען אלליין?

צירל. מיט די פאליצייסקע איז ער געוועזען. א סך פאליציי־סקע. זיי האבען איהן אריינגעזעצט אין א שווארצען וואגען. ער איז געוועזען אזוי בלייך. איך בין געשטאנען ביי דוואשען אין קרעמעל, נעבען גאניק. די גאסס איז געוועזען שווארץ... אזא טייערן, גאלדע־נעם מענשען!....

חיה גיטע (שטופט זי צו דער טהיר)—. נו, גוט, גוט, טראג אריום.

צירל. א, עס האט מיר... א... (פערשווינדט).

פויזע

(ליובא העבט אן ארומגעהן איבער'ן צימער, ציהענדיג דאס טיכעל איןביידע הענד, קייענדיג עס אין מויל, אויפהעבענדיג עס איבער'ן קאפף).

(חיה גיטע וויל עפעס פרעגען און טריקענט זיך די אויגען).

ליובא. זאג דען אמת, מאמע.. (זי בייסט דאס טיכעל, זי קאנן ניט רעדען).

חיה גיטע. איך וועל דיר זאגען דען אמת, מיין טאכטער, איך האב עס שוין געזאגט ר. אליקים'ען אויך: ווען איך וואלט גע־וואוסט, אז דו—אין א בייזער שעה צו שווייגען, רבונו של עולם!—אז דו ביזט דא נישט פערמישט, וואלט איך זיין זעהר צופרידען, וואס מען האט איהן צוגענוממען. ער איז ווערט דען שטעקען...

[ליובא שמייכעלט; זי וויל עפיס זאגען, קאנן נישט און

בייסט דאם טיכעל).

חיה גיטע (מיט א יאממער)—. נור איך האב מורא... אי, רבונו של עולם איך וועל עס גאר נישט אריבערטראגען מיט מיין געזונד! (יאממערט).

ליובא (לויפט צו איהר צו אונ קוים וואס זי רעדט.) נו שא, שא, מאמע... הערסט דאך מאמע... פערשטעהסט, איך האב ביי דיר געוואלט פרעגען... ווי איז דיר בעססער... (זי קוקט זיך איין שטארק אין פענסטער]—. ווי איז דיר בעססער?... גלייכער?... ענט־לויפען אדער... (זי ענדיגט נישט, שפרינגט צו צום פענסטער אונ קוקט ארויס אין הויף אונ דאן לויפט זי צו צום קאממאד, חאפט דאס היטעלע אונ רייסט אראב איהר מאנטעל פון דער וואנד אונ פער־שווינדעט, ווערליג).

חיה גיטע (שרייט)—. אי, וואס איז? וואס איז? (זי לויפט אויך צו צום פענסטער, קוקט זיך איין)—. גאטטעניו, אי, איך וועל משוגע ווערען.... [לויפט צו דער טהיר.] וואוהין איז זי אנטלאפען?

צירל [שפרינגט אריין מיט שרעק]—. אי, בעל־הביתטינקע, פאליציי געהט צו אונז, פאליציי!...

חיה גיטע (אויסער זיך, מיט די הענד אין די האר)—. אי, געוואלט, וועה מיר נישט געשעהן, רבונו של עולם!..

[צירל קוקט מיט שרעק אויף די טהיר].

ענדע.



# מיין ליעד.....

מיין ליעד איז געוועבט פון טרערען און שמערץ,
איך שרייב עס מיט בלוט, וואס עס טריפט פון מיין הערץ,
איך וואלט עס ניט זינגען, ד׳וואללט רוהיג געשוויגען
ווענן איך וואללט קאננען מיין אומעט פערוויגען.....

* * *

הערסט, ווער ס׳צוגיסט זיך מיט קלאג און געוויין?
דאס יעמערט דאס עלענד, דאס עלענד אליין.....
און וואונדען... מיט לומפען אין גאנצען בעדקעט,
מיט בלוט און מיט בלאטע אין גאנצען פערפלעקט,
מיט שרעק, מיט רחמנות קוקט ער ארויס,
פון דחקות, פון הונגער—ער שטארבט, ער געהט אויס...

* * *

שטילע קרבנות—ווי פאללען ווי פליגען:
יאהרען געליטען און יאהרען געשוויגען!...
געפאללען אהן כחות, צובראכען, צומאלען.....
פון הונגער פערגאנגען, פון הונגער געשוואלען.
עס וויינען יתומים, עס קלאגען אלמנות.
זעט ווער די טרערען דענן? האט ווער רחמנות?

* * *

די רייכע, די זאטע, די רוהיגע מוחות,
וואס ארען זיי טרערען און בלוטיגע ליחות?
וואס ארט זיי דער ברודער, וואס טרינקט זיך אין בלוט,
אז זיי לעבט זיך רוהיג, אז זיי לעבט זיך גוט....
פערפאללענע זיפצען, פערלארענע טרערען,
שטיינערנע הערצער וועלען ווייבער נישט ווערען!

* * *

מיין ליעד איז געוועבט פון טרערען און שמערץ,
איך שרייב עס מיט בלוט, וואס טריפט פון מיין הערץ.
איך וואלט עס נישט זינגען, איך וואלט רוהיג געשוויגען
ווענן איך וואלט קאנען מיין אומעט פערוויגען..... —אנ...

# דער ים.

א סקיצצע פון קאראלענקא.

די זון איז אונטערגעגאנגען און עס האט זיך אויפגעהויבען א ווינד.

דער מערב זייט האט זיך מיט א פורפערנעם שלייער פערצויגען. וואס ווייטער און וואס טיעפער עס האט געפלאקערט דער האריזאנט, איז אלץ קעלטער און טיעפער געווארען די בלאקייט פון ים. די וואססערן האבען זיך צושפילט. דער ים האט זיך געוויגט און גאנצע קאמען פן רווישענדען שוים זיינען ווי פון סאמען אבגרונד ארויפגעשטיגען בלייך פון פערהאלטענעם צארען.

די װאלקענס האבען זיך אין ברייטע פאסען געטראגען איבער'ן הימעל און האבען די גלוט נאך פערגרעסערט. און פון מזרח־זייט האבען זיך אויפגעהויבען לאנגע דונקעלע שאטענס פון דער נאכט, צושפרייט זיך איבער'ן ים און אין איינעם מיט'ן ווינד געצויגען זיך ווייטער צום פערפלאמטען מערב־זייט, גלייך אין זיין משונה'דיגען אפענעם האלז אריין, ווי אין א מורא'דיגען גליהענדען פייער-אויווען. ווייט אויפ'ן ים האט זיך געצאפעלט א לייווענד פון א'ן אקרענט ווי פליגלען פון א דערשראקענעם פויגעל, א פערשפעטיגטער פישער האט זיך געאיילט צו ענטלויפען פון שטורם און געיאגט זיין שיפעל צום קריגסהאפען.

דער שטורם איז שוין געווען נאהענט... און דער ברעג נאך אזוי ווייט, אז מען האט עס קוים געקענט זעהען. דער ים האט זיך

געוויגט, טיעפע שאטענס האבען זיך צוליגט ארום... דער פישער האט געטריבען זיין שיפעל צום ברעג, וואו עס האט זיך געזעהן די הויבע פעסטונג.

די כוואלעס שלאגען זיך אן דער שטיינערנער וואנד; דער ווייסער שוים כאפט ארום דעם שטיינערנעם ברעג פון אינעזול; די וואס־סערן שפילען און הויבען זיך רק העכער און העכער, און פאלען אב, און הויבען זיך ווידער און רוישען.

און די פעסטונג שטייט און קוקט אויף דעם שפיעל פון די וועללען, פינסטער ווי א שונא; די דונקעלע מיט מאך בעדעקטע פעלזען היטען זייערע כוחות; די וועללען פון ים טהוען דאס אויך.

דער הימעל ווערט דונקעלער; די נאכט רוקט זיך אן און פון דארטען, פון וואנען עס ציהען זיך די דונקעלע שאטענס און שיעפט דער ווייסער צארנינגער שוים, פון דארטען רוקט זיך אן דער שרעקליכער שטורם מיט דער פינסטערער נאכט...

אין א פענסטער פון פעסטונג האט זיך בעוויזען א רויטליכער פייעריל. באלד אבער איז די פעסטונג מיט דער אינזעל פערשוואונדען אין דונקעל הינטער די רוישענדע וועללען... נאר דאס פייערל ציטרעט דארט אויבען איבער'ן רוישענדען ים... א קליינער אומע־דיגער פונק איבער א שרעקליכען צארניגען אבגרונד.

— האלט !... ווער איז דא? רופט די וואכע פון וואל צו דעם שיפעל, און א דונקעלע געשטאלט פון א סאלדאט ציעלט אן אויף איהם דעם ביקס. דער ים איז אבער נאך שרעקליכער פאר'ן מענשען. דער פישער קען דעם לייוועגט און רודער ניט לאזען פון האנד און זיין קול ווערט פערהילכט דורכ'ן רוישען פון ים. זיין שיעפעל ווארט אב אויף א נייעם קלאפ פון די וועללען, ווייכט צו־ריק, גיט פלוצים א ציטטער... און אין איין אויגענבליק פאלט דער לייוועגט אראב און דאס שיעפעל פליהט אריין אין בוכט.

— ווער איז דא ? — רופט דער סאלדאט נאך א מאל און קוקט פריינדליך אויף דאס וואילע שיעפעל, וואס וויעגט זיך שוין אויף דעם רוהיגען וואססער פון בוכט.

— ברודער... זעה וואס עס טהוט זיך... עפען !

— וואַרט, באַלד! איך וועל נאָר רופען דעם אפּיצער.

אויפ׳ן וואַל ערשיינען נייע געשטאַלטען. איבער׳ן רוישען פון ים הערט מען קוים די שטימען פון די מענשען. אָבער וואָס מעהר עס רוישען די וועלען, ווערען די שטימען רק פריינדליכער... באַלד עפּפענט זיך דאָס טויער פון דער מויער־וואַנד און דער פּישער טרעט אריין אין פעסטונג.

דאָרטען אין דער סאַלדאַטסקער שטיבעלע וועט איהם זיין רוהיג און וואַרעם און אנגענעהם צו דערמאַנען זיך אָן דעם ווילדען שטורם פון ים, אָן דער פינסטערע נאַכט, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט איבער׳ן טיעפען אָבגרונד. דאָרטען וואו ער איז נאָר וואָס געוועזען. עס איז אנגענעהם צו דערמאַנען זיך אָן אַ שטורמדיגער נאַכט בעת מען זיצט אין אַ וואַרעמער שטוב לעבען אַ טיש, אויף וועלכען עס ברענט אַ העללער לאָמפּ און עס גייט אַ פּאַרע פון שיסעל, וואָס וואַרט אויפ׳ן פרעמדען אורח.

הינטערן מויער־וואַנד ליעגט נאָך דער ים און די פינסטערע תפיסה מיט דעם רויטליכען פייערל. די כוואַלעס קרעכצען און רוישען און שלאָגען זיך ווילד צווישען זיך און אָן די ברעגען, און דער שטורמווינד באַרעט זיך מיט זיי...

און דאָס קליינע שיפעלע וויעגט זיך אויף אַ קורצער קייט אויפ׳ן וואַסער לעבען דער מויער ווי אַ לעבעדיגע בעשעפעניס, וואָס וועהרט זיך קעגען די מורא׳דיגע וועללען.

2

דאָס קליינע ליכטעל אין פענסטער פון טהורם איז אויף אַ מינוט פערשוואונדען.

אַ קאָפּף פון אַ מענשין האָט זיך אנגעשפּאַרט אויף דעם אייזערנעם גראַט. דער געפאַנגענער האָט אַרויסגעקוקט אויפ׳ן ים—און איז האַסטיג צוריק אָבגעשפּרונגען פון פענסטער. דער ים האָט געררוישט—און אונטען לעבען ברעג האָט זיך געשאַקעלט און געוויעגט אויף די וועללען אַ קליין שיפעלע.

דוכט זיך דאָס איהם? איז דאָס נור אַ בילד פון זיין צוהיצטע

פאנטאזיע? ער לויפט ארום הין און צוריק אין זיין איינגער קאמערל און זיין שטן ציהט זיך דורכ'ן אייזערנעם גראט פון פענסטער. און ער שפרינגט ווידער ארויף און קוקט מיט א ושעדנעם בליק אראב אין דעם דונקעל. די וועללען שלאגען זיך אן ברעג, און דאס שיפעל וויעגט זיך, מאניעט און רייצט דעם געפאנגענעם. דער מאסט קרעכצט אונטער די מעכטיגע וועללען, וואס שלאגען אן די פלאנקען פון לייוועגד. דעם געפאנגענעם אבער קלינגט דאס ווי א זיסער געזאנג, וואס מאניעט איהם ווייט אהין ארויס. צו ניט אזוי זינגען די סירענעס אין ווייטען ים און ציהען צו זיך מיט דער זיסער מוזיק דעם אומגליקליכען רייזענדען, ווענן בעצויבערט פון די זיסע מעלאדיען לויפט ער צו דעם ארט, פון וואנען זיי טראגען זיך און פאלט אריין אין די ארעמס פון די סירענעס—אין אבגרונד? צו ניט אזא סירענע—דער ים—מאניעט איהם איצט, איהם, דעם געפאנגענעם, פון זיין דונקעלע תפיסה? — — ער שפרינגט ווידער אראב, טוליעט זיך צו צו דער ערד אין א ווינקעלע און זייגט זיך איין מיט די אייגען אין פענסטער.

דער נאכט-לעמפיל בעלייכט מיט זיין שוואכען רויטליכען ליכט יעדען פלעק אויף דער וואנד פון זיין גוט בעקאנטען קעמעריל. איצ־טער אבער זעהט ער נאר איינס: אין דונקעלען פענסטער קוקט אריין א שטורמישע נאכט. אט, פון יענעם זייט פענסטער, לעבען דער טויטער שטילקייט פון דער תפיסה, קלאגט און יאמערט דער שטורם און טראגט איהם פאר די אויגען דאס בילד פון קליינעם שיפעל אויפ'ן ברעג. ער שפיצט צו די אויערן און צווישען דעם רוישען פון ים און פייפען פון ווינד הערט ער נאר דעם ליעבליכען סקריפ פון דעם מאסט.

עטליכע מינוטען זיינען פארבייגעגאנגען.

דער געפאנגענער האט זיך פלוצים אויפגעהויבען און צוגע־גאנגען צום וואנד, ארויסגענומען א שטיין און דערלאנגט פון דאר־טען א בעהאלטענע קליינע פיילכעלע; איז צוגעגאנגען צום טהיר, צוגעלויגט דעם אויער און האט זיך צוגעהערט. עס איז אלץ געוועזן שטיל; אין קארידאר האט זיך קיין טריט ניט געהערט, עפיס אקוראט

ווי דאס גאנצע לעבען אין תפיסה איז אויסגעשטארבען, און מען האט נור געהערט דעם געדויש פון דעם שטורם. ער איז צוגע־גאנגען צוריק צום גראט. שוין לאנג, איך אין אזעלכע שטורמישע נעכט, האט ער אנגעפיילט דעם אייזערנעם גראט, דער שטורם האט פארהילכט זיין האסטיגען פיילען און די וואכע האט גאר ניט געקענט הערען.

צוליעב וואס ער האט דאס געטהאן, האט ער אלליין ניט געוואוסט אקוראט. איבערן קאפף בייא איהם איז הין און צוריק אומ־געגאנגען דער סאלדאט, וועלכער האט מיט איין בליק געקענט ארומכאפען דעם גאנצען ברעג. די שיפעלאך פלעגען שטענדיג שטיין ביי נאכט אויף דעם אנדערען ברעג, און ער פלעגט נאר אין שטורמישע נעכט קענען ארבייטען, ווען דער סאלדאט בעהאלט זיך אין בודקע און וויקעלט זיך איין אין שינעל און מיינט, אז אין אזא וועטער וועט קיין שיפעל ניט צוגיין נאהענט און קיינער וועט זיך דעם ים ניט פערטרויען. אין אזעלכע נעכט נאר האט דער גע־פאנגענער געקענט האפען דעם גראט דורכצופיילען און פון דער תפיסה צו ענטלויפען..

— ווי? וואוהין? ווי אזוי?...

ער האט די אלע הארבע קשיות געוואוסט, אבער דאס הארץ פון א מענשין איז עפעס אזוי, אז עס הערט אויף צו קלאפען, ווען דיזר לעצטער פונק פון א האפנונג ווערט פארלאשען. א דונקעלע, איין אונבעשטימטע האפפנונג האט אין איהם נאך געלעבט, און קוקענדיג אויפ׳ן ים, בעת ער איז געווען רוהיג און גלאט ווי א שפיגעל, האט ער מיט אונגעדולד געווארט אויף א שטורעמדיגער נאכט. און אז דער ווינד פלעגט אנהויבען צו פייפען און דער ים מיט א ווילדען רעש צו שלאגען זיינע וועללען אן שטיינערנעם ברעג פלעגט ער אנהויבען צו ארבייטען. גאנצע נעכט פלעגט ער צובריינגען ביי זיין ארבייט, און אז ער פלעגט זיך דערנאכדעם א ווארף טאן אויף זיין הארטען געלעגער, פלעגט ער איינשלאפען שטארק און זעהען אין חלום—די פרייהייט. אן דארטען איז זיא! נאר עט־ליכע פיילען אין לעצטען שטאב טהיילען איהם אב פון איהר. יע,

נאך עפעס: די אונמעגליכקייט דעם שטורמישען ים איבערצושווי־מען. דעם שטאב וועט ער באלד אין גאנצען דורכפיילען און נאכדעם בלייבט איהם נאר איין איינציגע הינדערניס, — נאר איין איינציגע! און ער פייפט וויטער.

דער ים גרוילט, דאס שיפעל וויעגט זיך לייכט אויפ'ן וואסער, דער געפאנגענער פיילט, און אויבען אויפ'ן מויער־וואנד זוכט דער סאלדאט אין זיין בודקע שוטץ פון דעם משונה'דיגען ווינד.

אז ער האט דעם גראט דורכגעפיילט, האט ער איהם פאר־זיכטיג ארויסגענומען און אנידערגעשטעלט אויפ'ן בריק. געשווינד, ניט טראכטענדיג, האט ער א שפרונג געטאן אויפ'ן פענסטער און פון דארטין אויף דער ערד. און ערשט דאן האט ער פערשטאנען, ייאס עס שטייט איהם פאר!

דער שטורם האט אויך איהם א טרייסעל געטאן. דארטען אין קעמעריל האט ער זיך גאר ניט געקענט פארשטעלען, ווי גרויס עס איז דער כוח פון שטורם, און ערשט איצטער, פערכאפט פון דעם כוח, בעטויבט פון דעם ווילדען רעש פון ים, האט ער זיך געפיהלט בלייך און שוואך. די פינסטערקייט האט זיך איהם איצטער נאך פינסטערער געדוכט, דער ווינד נאך מורא'דיגער, דאס גרוילען פון ים נאך שטארקער. דא דרויסען הינטער'ן מויער האט ער זיך גאר פערגעסען. אויף איין עק פון מויער האט ער זיך ווי א שאטען צו־געדרוקט און אנידערגעזעצט, און ארום איהם וויעדער דער גראער ים און די שטיינערנע טהורעמוואנד.

און דער ים האט אין גרויס צארן געטענעה'ט מיט די פעלזען אויפ'ן ברעג, און דער מענש איז געזעסען, געציטערט, און צוגעהערט זיך מיט א קלאפענדיגער הארץ.

טויזענדער שטימען פון דערווייטענס האבען זיך צונויפגע־גאסען אין איין דומפפען טאן—פון דארטען, וואו די גרויסע פינסטער־ניס האט זיך צושפרייט איבער די ווייסע קעפף פון די שוימענדע וועללען, וועלכע האבען זיך עפיס געיאגט, וועלענדיג כאפען איינע די אנדערע. עפיס אהן א סוף פיעל פאנטאסטישע, בעלעבטע, מאוים־דיגע ברואים, דאכט זיך, האבען געפיהרט וועגען עפיס א פייערדיגען

סכסוך, א ווילדען פארטומעלטען ויכוח. ווער קען איהם פארשטיין? פון זיין כוח ציטערט דער אויער, וועלכען עס דוכט זיך, אז ער ווייס עפעס, אז ער פיהלט פון דער מורא׳דיגער הארמאניע. ווער טרייבט זיי, ווער נעהמט זיי איין? פעראייניגט האבען זיי זיך, כוחות בלייבען זיי אין דעם שטורם, און רייצען אן און פאטשען בראווא איינער דעם אנדערן.

און פלוצים דערהערט זיך פון דעם צונויפגעמישטען דומפּפען רעש א טיעפער, א לאנגער טאן. ער וואקסט, ווערט שטארק אין דער פינסטערניס, און אט צוגיסט ער זיך איבער דעם ים, רק שטארקער, רק געוואלטיגער, רק נעהענטער. מען פיהלט, אז אפילו די אינזעל ציטערט, און דער שרעקליכער טאן וואקסט רק מעהר און הערט זיך און טהיילט זיך אב פון יענע צונויפגעמישטע טענער.

דער מענש קען זיך ניט אברייסען פון דער פינסטערנעס, וואס איז פול מיט ווילדע טענער, מיט א פאר כישופ׳טען לעבען. ער ווארט און זעהט ווי די פינסטערניס נעהמט אן א געשטאלט, ווי זי הייבט זיך, ווי זי פאלט, און פלוצים פאלט אן, ווי א ווילדע חיה מיט איין אויסגעגבויגענעם רוקען און מיט א גלענצענדיגען עק, א מורא׳דיגע וועללע אויפ׳ן ברעג.

אויף א רגע פארשווינדעט אלץ אין וואסער און אין טויזענדשטימיגע טענער. דער מענש דריקט זיך צו צום פעלזען און פארגעסט אין גרויס שרעקען אלץ, אפילו זיין אייגענע עקזיסטענץ.

די ווילדע בריאה, וואס איז אויסגעוואקסען פון דער פינסטערניס, הערשט אפילו נור א פאר אויגענבליק, פארשיט אלץ מיט איהרע טראפּפען און פארהילכט אלץ מיט דעם רעש פון איהר פאל. אבער נאך א רגע און די פינסטערע מאוים׳דיגע בריה הייבט זיך ווידער אויף.

אבער דער ים טרעט צוריק. זיין רעש פארשטומט. די מיט שוים בעדעקטע ווענלען גלעטען זיך אויס און די אבגעריסענע שטיינער פון הייכען ברעג פאללען און קייקלען זיך מיט א טיוואַלישען געלעכטער אין ים.

דער מענש אנגעשפארט אן מויער, וויגט זיך איין מיט די

אויגען אין דער װעללע, װאס לויפט צוריק פון ברעג. איהם דוכט זיך, אז מיט איהר פלאשק רופט זי איהם ארויס צו דער פרייהייט. איהם דוכט זיך אויך, אז די שטורעמדיגע שטימען קריגען זיך פאר איהם, אט װיינען זיי און מאניען איהם, אט לאכען זיי פון איהם.

אבער װי נור די פינסטערניס רוקט זיך אן װיעדער און די כװאלעס גיבען װיעדער א קלאפּ אן דעם ברעג, דריקט ער זיך װיעדער צום װאנד. ער הייבט אויף די אויגען און קוקט מיט א דערשראקענעם בליק אויף דעם טויטען שרעקלכען געבוי. הויך איבער דעם ים הויבט זיך אויף דער פעלז און קוקט, דאכט זיך, מיט א שמייכעל אויף זיין לארם.

בלייב דא! — זאגען די מויערן. — הינטער אונז איז רוהיג און שטיל — דארטען איז אונרוהיגקייט און געפאהר!

די הארמאטען שטרעקען אויס איבער איהם זייער האלד און קוקען שטומם אויף דעם שונא און װארטען. די אויפגערעגטע אבזאריות׳שע נאטור האט זיין פערשלאגענע הארץ מיט שרעקען געפיללט.

ניין, טראכט ער — אזוי רעדט נור צו מיר דער אונטערגאנג מיט זיין שרעקליכען קול, דאס איז דער טויט, װאס שװעבט איבער׳ן ים און רופט נאך זיין קרבן.

און ער האט זיך אויפגעהויבען, מיט ציטערדיגע טריט צוגע־גאנגען צו זיין קעמערל און האט נאך א מאל א קוק געטאן אויפ׳ן ים. די װעללען זיינען װיעדער געלאפען מיטא שטורמעשען כח אויפ׳ן ברעג. האסטיג שפרינגט דער מענש ארויף אויפ׳ן פענסטער און קוקט זיך נאך א מאל ארום אין זיין קעמערל.

3

דאס ליכטעל האט געברענט װי פריהער. אין זיין רוהיגען טויטליכען שיין האט מען געקענט ארומקוקען דאס גאנצע קעמערל מיט יעדען װינקעלע. פון די מויער װענד און פון דעם געװעלבטען באלקען האבען געקוקט אויף דעם מענשען א סך יאהרען פון זיין ע בען און די שטילקייט, װאס דא האט געהעררשט, האט זיך איהם

אויסגעוויזען נאך שרעקליכער, ווי דאס ווילדע ברויזען פון ים.

ער האט א קוק געטאן פון דרויסען אינוויינינ און איז נשד־תומם געווארען.

איבער וואס? אלץ איז דא געווען אויף דעם אלטען ארט. דאס פעראומערטע קעמערל, אין וועלכען ער איז אזוי לאנג ביי טאג און ביי נאכט ארומגעגאנגען הין און צוריק. אויפ׳ן בריק איז געלעגען זיין שרטויזאק, צוקאפען איז געשטאנען א קרוג מיט וואססער...

דערשראקען שפרינגט אפ דער מענש צוריק. דאס רוהיגע ליכטעל אין דעם קעמערל האט זיך איהם געדוכט נאך שרעקלי־כער ווי די ווילדקייט פון ים. פריהער האט ער זיך געוואונדערט, איצטער האט זיך זיין פנים פארצערט פון שרעק. ער האט זיך געוואונדערט, וואס ער איז ניטא אין קעמערל, וואס זי איז פוסט. אבער אין דעם זעלביגען אויגענבליק האט זיך שוין איהם ווידער גע־דוכט, אז ער איז אויף דעם גוויינטען ארט: אויף דעם שטרויזאק איז געלעגען א מענש מיט א׳ן אבגעצערטען, טוידט־מידען געזיכט. ער האט א פנים גאר ניט געהערט דעם מורא־דיגען ויכוח פון ים מיט דער שטיינערנער וואנד. זיין האנד איז געלעגען אויפ׳ן ברוסט, אין שטערן זיינען געווען טיעפע קנייטשען, די ליפען צונויפגעפרעסט, די אויגען צוגעמאכט. ער האט זיך נישט גערירט. איז דאס גע־ווען די רוהע פון שלאף אדער פון טויט? צו אזוי צו אזוי די רוהע איז געווען שרעקליך און דער מענש איז אויסער זיך אראבגעשפרונ־גען פון פענסטער, ער זאל נור זיין אייגענעם שאטען אויפ׳ן שטרוי־זאק נישט מוזען זעהען.

ווידער האט איהם ארומגעכאפט דער שטורם, ווידער האט איבער זיין קאפף געקוקט דער אפפענער האלז פון די הארמאטען ווידער האבען געררוישט די וועללען, אבשפרינגענ־דיג פון שטיינערנעם ברעג, כדי ווידער אנצופאלאן אויף איהם מיט נייע כוחות. און דאס ווילדע ברויזען פון ים האט איהם איצטער געקלונגען ווי א פרייליכער קול פון א ברודער...

4

ער ווארפט זיך צום שיפעל און בינדעט אב האסטיג די קייט.
דאס שיפעל איז געשטאנען אין א קליינער בוכט. די פעסטונג האט זיך דא מיט א שפיציגען ווינקעל אריינגעשניטען אין אפענעם ים, און אט דא האט זיך דאס אזוי דער שטורם געשלאגען מיטן ברעג די מויער־וואנד איז איהם געשטאנען אין וועג, הינטער איהר איז דער ים נישט געוועזן אזוי ווילד. נור א ביסעל וייטער טרעפט דער ווינד, אבגעשליידערט און געבראכען פון דער מויער, דעם אפענעם ים צוריק, און דא האט מען שוין ווידער געקענט זעהען ווייסען שוים אויף די וועללן.

דער אנטלאפענער האט ארומגעקוקט דאס שיפעל, עס איז געווען אין ארדנונג: דער לייוועגט איז געלעגען אינווייניג, די רודערס אנגעטשעפעט אן די שליסלען אין די ליינג פון שיפעל. דער רודער האט זיך געשאקעלט אין די וועללען, אקוראט ווי ער וואלט געווארט אויף א שטארקער קעננערהאנד.

נאך א מאל א קוק אין דעם חשך פון ים.

אויס אלע ספקות! ער האט זיך ענטשלאסען; ער בערעכענט נאר.

א נייער שטורם האט א קלאפ געטאן. דער מאן איז אריינגעשפרונגען אין שיפעל, האט עס א קעהר געטהאן צום וייטען ברעג, האט אנגעצויגען דעם לייוועגט און גענומען אין האנד דעם רודער. און בעת די אינזעל האט א ציטטער געטאן אונטער א נייעם קלאפ פון דעם שטורם, איז שוין געווען אלץ פערטיג! ווידער רוישט און צושפרינגט דאס וואסער אין טויזענדער טראפפען, הויבט זיך און קלאפט אן שיף. דאס שיפעל גיט זיך א הויב, גיט א ציטטער, בלייבט א רגע שטיין, און ווי א פייל פון בויגען פליהט עס פלוצים אין דעם ווילדען חשך אריין. דער לייוועגט בלאזט זיך אן שטראף און שטראם, און דער מאן ביים רודער פערכאפט דעם אטהעם.

עטליכע רגע׳ס פארגעהען.. אינסטינקטיוו קעהרט ער זיך אום. אבער וועגען צוריק קעהרען אין פעסטונג קומט איהם קיי

שום געדאנקען אין מוח נישט אריין. די פינסטערע מורא׳דיגע געשטאלט פון דער פעסטונג איז געשטאנען הויך איבער׳ן ים און איז פערשוואונדען מיט איין אונגלויבליכער געשווינדקייט.

דאס רויטליכע ליכטעל האט איהם דערמאנט אן זיין טויטשטילען קעמערל. דאס ליכטעל האט זיך פריי ארויסגעגאסען און שפּילענדיג געצויגען זיך איבער די וועללען פון ים.

און ווי א היפך צו דעם ווילדען טרייבען דא, איז פאר דעם מאן אויפגעשטאנען די תפיסה, די טויטע שטילקייט אין איהר. די בעלויכטענע וואנד, דער נידעריגער באלקען, דער שטרויזאק אויפ׳ן בריק און אויף איהם די אונבעוועגליכע, די טויטענבלייכע געשטאלט... איהם שוידערט און ער קעהרט זיך אב געשווינד. פאר איהם איז נאך געלעגען דער שרעקליכער גרענעץ, הינטער וועלכען עס האט געווארט אויף איהם די משונה־דיגע בריאה מיט איהר גאנצע ווילדקייט. אבער דאס וואס ער האט געלאזען הינטער זיך: די טויטע רוהע און שטילקייט, איז געווען נאך שרעקליכער פאר דער ווילדקייט פון ים. דא ווארט אויף איהם א קאמפף מיט דעם טויט — פאר זיין לעבען, דארטען קוקט שוין דער טויט אליין מיט זיין קאלטען רויטליכען שיין!

דאס שיפעל האט שוין אנגעלאנגט צו די מיט שוים בעדעקטע וועללען. דער שיפער קוקט מיט א קאלטען און פעסטען בליק פאר זיך. אין דעם אויגענבליק איז ער ווי פארוואקסען געווארען מיט דעם שיף. ער האט געפיהלט די קעלט פון די וועללען, וואס האבען געשלאגען אין די זייטענפלאנקען פון שיף. ער וויגט זיך מיט דעם שיפעל צוגלייך און זינקט מיט איהם אין די דונקעלע טיעפקייט. זיין ברוסט ווי זיין לייזוענט דערווייטערט זיך און שפאנט זיך אן פון שטורעמווינד און די בריאה פון האלץ מיט די צושפרייטע פליגלען פון טוך שטירצט — ווי בעלעבט דורך דעם זיכערן בליק און דער פעסטע האנד פון דעם מענשען — אין דעם אפענעם האלז פון דעם ים אריין!

— פארווערטס, מיט מוטה!

דער שטייער קרעכצעט און שטייט ווי צוגעשמידט. ..דער

מאסט סקריפּעט און בייגט זיך און גלייבט זיך ווידער אויס. דאס שיפעל הויבט זיך אויף אין די גאנצע הויך. דער אייזערנער שפּיטץ פייפט און שניידט דורך די וואססערן און ווי א ווילדער פויגעל כאפּט זי זיך ארויף אויף די ווייסע רוקענס פון די ויעללען און בלייבט שטילל. די ווילדע וואססערן שפּילען און רייצען זיך מיט איהר.

עס איז נאר איין אויגענבליק, — אבער אין דער ברוסט פון דעם מאן האט ער געפיהלען אויפגעוועקט — פאר א גאנצען לעבען!

מיט א מאל גיט א קלאפּ ווי א דונער הינטער איהם, די לופט ערציטטערט, דער טאן צוקייקעלט זיך איבער'ן ים און דער ווידער־קול פון מורא'דיגען שאס צוברעכט זיך אין די ווילדע כוואלעס... העלל בעלייכטעט האבען זיך די ויעללען, גלענצען אין דעם רויטען ליכט, לעשען זיך אויס און פארשווינדען אין די ארומיגע פינסטערניס.

דאס שיפעל פליהט אראפּ אין דעם אבגרונד, הייבט זיך ווידער און פליהט ארויף אויף א בארג פון וועללען. דער מאן האלט זיך שטארק און קוקט זיך ארום. די אינזעל מיט דער תפיסה ויינען לאנג פערשוויאונדען, און נור איין אויגענבליק האט געציטטערט פון וויטען דער שוואכער שיין פון דעם צווייטען הארמאטענשאס, וועלכער האט געפּאדערט צוריק זיין געריבטען קרבן פון ים.

די האנד פון דעם מאן האט געדריקט פעסט אויפ'ן רודער פון שיף. איהם האט זיך געדוכט, אז דער אייזען מוז צושמאלצען ווערען אונטער אזא דרוק. אין זיין הארצען האט זיך אויפגעהויבען א געפיהל פון פרייד, ווי ער האט נאך ניט געהאט. און א הויכער, א שטארקער געשריי האט זיך ארויסגעריסען פון זיין ברוסט... און צוגאססען זיך איבער'ן ים....

ער איז געוועזען אליין, — אלליין וויט און ברייט: אליין אויפ'ן מורא'דיגען אונבעגרענצטען ים אין דער געוואלט פון דעם שטורם און פון זיין אויגענער קראפט! ער האלט זיין שיקזאל אין זיין אייגענער האנד — און די האנד ציטטערט נישט. זיין אויג וועט

איהם ־ישט פארפיהרען. פון וועללע צו וועללע, פון אבגרונד צו אבגרונד..... ווער וועט אנטקעגען איהם שטרייטען?..... קיינער נישט, קיינער נישט!..............................

דער היממעל איז געוועזן דונקעל, דער ים האט געראוישט, און ווייט און ברייט האט מען גאר נישט געקענט זעהן א חוץ דער פינסטערניס און דעם ווילדען אונערזעטליכען טאנץ פון די וועללען.

5

אויף מארגען איז די זונן אויפגעגאנגען איבער'ן קלארען בלאססען היממעל. דער שטורם האט זיך געלייגט, דער ים האט זיך בערוהיגט.

די פייכטע שטיינער פון דער פעסטונג האבען געגלענצט אין העלען זוננענשיין. די בלאע וואסערן האבען זיך געלאסטשעוועט און געשפילט מיט די גאלדענע שטראהלען. פון ווייטען האט זיך געזעהן דער ברעג פון פעסטען לאנד. די בערג האבען געגלענצט אין א פרישער גרינקייט. אומעטום האט געלעבט דאס פרישע לעבען, וואס איז געבארען געווארען אין דער שטורמעשער נאכט.

אויף דער וואנד פון מויער איז געשטאנען א נייע וואכע. א קליינער דאמפער איז צוגעגאנגען צום ברעג און אויסגעשפרייט נאך זיך א לאנגען פאס פון רויך.

דער נעכטיגער פישער איז געשטאנען אויפ'ן ברעג און געקוקט פארטראכט אין ים.

זיין שיפעל איז פערלארען געגאנגען,—אבער נישט וועגען שיפעל האט ער געטראכט. ער האט געקוקט אויף דעם פונקעל־דיגען לאבעדיגען ים און האט געטראכט וועגען נעכטיגען שטורם און וועגען — דעם מאן.

וואו קען ער איצט זיין? צו ליעגט ער ערגעץ אויפ'ן טיעפען גרונד פון'ם ים? צו וואנדעט ער ערגעץ דארט ווייט אויף יענעם ברעג און קוקט צוריק אויף דעם פינסטערן געבוי?

אבער וואו ער זאלל נישט זיין, וואהין עס האט איהם פאר־טראגען דער שיינער, אכזריותשער מורא־דיגער ים — ער האט

געלעבט! אנשטאט יאהרען לאנג אויסצוגיין אין דער פינסטערער תפיסה ווי א שטיעלע ליכט, האט איהם דער ים געשיינקט א רגע, אבער א רגע פון א פוללען גאנצאן לעבען!...



# די נקמה.

צוריקגעטריבען פון די סאלדאטען פון די הערשענדע קלאססען, האבען די פאריזער קאמונארען געקעמפפט—אנפאנגס איינער געגען צעהן — דאן איינער געגען הונדערט.

די לעצטע פאלקסקעמפפער, וועלכע האבען ניט געוואלט איבערלעבען זייערע אידעאלען, האבען זיך בעזעצט אויף דעם בית־עלמין לאשעיז. דער קאמפף האט די גאנצע נאכט געדויערט, אהן קיין שום אויסזיכט אויף זיעג. די רעגירונגס־סאלדאטען האבען שוין טהיילווייז בעזעצט די מויערן פון דעם בית־עלמין. די פאלקסקעמפפער האבען זיך צוריקגעצויגען צום העכסטען פלאטץ, און האבען אויף א הויכער מצבה בעפעסטיגט די דורכגעשאססענע רויטע פאהן פון דער שטאדט פאריז.

דער לעצטער טויט־קאמפף איז אנגעקומען. די פאזיציע פון די רעוואליוציאנערען איז ניט געוועזן קיין שלעכטע. די מאססע קברים, מצבות און טויט־געוועלבען האבען געדינט צום בעשיצען זיי. וואלטען זיי נאר געהאט גענוג געוועהר און לעבענסמיטעל, וואלט נאך דעם הויפען מענשען ניט געוועזן אזוי לייכט בייצוקומען. אבער אהן הארמאטען—די לעצטע הארמאטען-שיסער זיינען געוועזן טויט—איז די פערצווייפעלטע קאמונארען נאר איין זאך געבליבען—מקריב צו זיין זייער לעבען פאר די הייליגע זאכע, און דיזען ארט, וואו זייערע עלטערען האבען גערוהט, צו בעהייליגען מיט זייער בלוט.

עס איז געוועזן 6 אוהר אין א רוהען פריה־מארגען. א פערשטיקטע קלאפעריי פון פויקען האט זיך צושאטען איבער דעם

לאגער פון דיזער העלדען מחנה. דער קאמאנדיר, וועלכער איז גע־גאנגען אלס א שליח צו די ווערסאלער, איז צוריק געקומען מיט א טרויעריגער אנטווארט: „אויף גנאדע אדער אונגנאדע — און דאס אין דער צייט פון איין האלבע שטונדע“ האט ער געזאגט צו די ארום שטעהענדיגע, נאכדעם ווי ער איז אראפ פון דעם פערד און האט זיך אנגעשפארט אויף איינע פון די הארמאטען, וועלכע זיינען דא נוצלאז געשטאנען. — יעדער האט געהערט די טרויעריגע ווער־טער: „אויף גנאדע אדער אונגנאדע.“

יעדער האט געפיהלט די בעדייטונג פון די ווערטער: „וועה צו די בעזיגטע!“ דאס שרעקליכע ווארט, וועלכער איז ביי רע־ליגיאנס־קריגען און בירגער־קריגען נאך שרעקליכער. יעדער האט געפיהלט, אז דער מאמענט איז געקומען, ווען מען דארף די איבער־צייגונג פאר׳חתמען מיט דעם אייגענעם בלוט. „עס לעבע די קאמונע!“—דאס איז געווען דער געמיינזאמער רוף, וועלכער האט זיך צוגאססען פון דעם בית־עלמין לאשעיז איבער די טויט־שטילע שטאדט פאריז.

"קומט צוזאמען, חברים, מיר וועלען איבערציילען די קעמפ־פער און די מוניציאן!" דער אנפיהרער האט פארלייגט א האנד אויף א האנד און האט בעקוקט די צובראכענע שטיקער פון דער מאכט פון דער קאמונע—זיינע קאמפף-ברידער, ווי ער אליין, נאהענט צום טויט. דאס איז געווען א הויכער, שיינער מאן פון עטליכע און פיערציג יאהר, מיט א שטארקען קערפער און מיט ארבייטס־גע־וואהנטע הענד. זיינע לייכטענדע אויגען אונטער דעם ברייטען שטע-רען, איבער וועלכען עס זיינען געווען צו ווארפען די שווארצע האר, האבען מוטהיג געקוקט אויף דעם הייפעל מענשען.

ער האט געטראגען א מונדיר פון א מאיאר פון דער קאמונע —ועקס גאלדשטרייפען אויפ׳ן ארבעל: דער קאפ פערבונדען מיט א בלוטיגען טאשענטיכעל.

א שטימע האט אויסגעשריען:

„דריי הונדערט מאן,— דער פון אבער צוויי הונדערט פער־וואונדעטע -- און א טוזענד קוילען“.

„דריי און נײַנציג קעמפּפער און פאַר יעדען צעהן קוילען“, האט פאר זיך געזאגט דער קאמאנדיר, און א קוק טוהנדיג אויף זיין וייגער, האט ער א זאג געטוהן הויך: „האלט זיך בערייט, מיינע פריינדע, לאמיר שטארבען, ווי מעננער פון איבערצייגונג. אין א פערטעל שטונדע וועלען קומען די סאלדאטען פון דער בורזשואזישע ציוויליזאציאן. לאמיר פערקויפען אונזער לעבען אזוי טייער, ווי נור מעגליך.

א זאנדערבארען אויסזעהען האבען די העלדען פון דער קאַ־מונע.“

איינינע טראגען די מונדירען פון אינפאנטערי — לאנגע גרויסע מאנטלען מיט קאפּישאנען; אנדערע די מונדירען פון פּיעבאטע; נאך אנדערע די מונדירען פון דער פאלקס־מיליץ; און פיעלע גאר אהן א אוניפארם; אבער אללע זיינען געווען, פון דער אבטטאגיגער שלאכט אין פאריז, בעדעקט מיט שמוץ און בלוט. א צוגאב דערצו איז נאך געווען דער רעגען פון דער לעצטער נאכט.

טראץ דעם, וואס די קליידער פון די טאפּפערע שטרייטער האבען מעהר אויסגעזעהען ווי שמאטעס און טראנטעס, זיינען דאך די קאמונארען ביז יעצט געווען פאר די ווערסאלער געפעהרליכע געג־נער.

די יעניגע קעמפּפער, וועלכע זיינען געוועזן אזוי שווער פערוואונ־דעט, אז זיי האבען ניט געקענט א אנטייהל נעמען אין דעם לעצטען קאמפּף, האט מען אריינגעטראגען אין די געוועלבען, דא אויף דעם בית־עלמין. די לייכט פערוואונדעטע, וועלכע האבען נאך געקענט אויסשיסען פון א ביקס, האט מען ארויפגעשטעלט הויך אויפ׳ן בארג, הינטער די מצבות.

די גאנץ געזונדע, די קאמפּף־פעהיגע — און זיי זיינען געוועזן סך הכל דריי און נײַנציג — האבען זיך אנידער געשטעלט לעבען דעם קאמאנדיר און האבען רוהיג ערווארטעט די סאלדאטען פון די מאכט-האבער.

אנגעשפּארט אויף די געוועהר, האבען די פּראלעטאריער, וואס האבען געקעמפּפט פאר די רעכטע פון די אונטערדריקטע,

ערוואַרטעט וייערע פיינד, נעמליך די יעניגע פּראָלעטאַריער, וועל־
כע האָבען געקעמפּפט געגען דאס פּראָלעטאַריאַט.

„האַלט!—ווער איז דאס?"

דיזער אויסרוף פון די פאָדערסטע אין די רייהען פון די פאַלקס-קעמפּפער, און באַלד נאָך דעם דער טרעוואָגע סיגנאַל, האָט געצוואונגען דעם פיהרער צוצוגיין צום טויער. ענטקעגען איהם איז געשטאַנען אַ יונגע פרוי, וועלכע צוויי וועכטער האָבען געהיט. „דו ביסט דאָ?" האָט ער אויסגערופען דערקענענדיג איהר — „דו ביסט דאָ?"

האַלב נאַקעט, איינגעוויקעלט אין טראַנטעס, ציטערנדיג פון פראָסט און הונגער, איהר געזיכט בלייך ווי וואַקס, מיט פלאַמענ־דיגע אויגען און צופּלאָנטערטע האָר, וועלכע זיינען אַריבערגעפאַ־לען אויף איהר פּלייצע און בוזעם, איז זי געשטאַנען פאַר איהם.

וואָס אָבער האָט זי דאָ געטראָגען אויף די הענד, פאַרוויי־קעלט אין אַ וואָלענעם זאַק?

„יאָ, דאָס בין איך, קאָרדאַ. איך קום, אום מיט דיר צו שטאַרבען".

קאָרדאַ, דער אָנפיהרער פון די בראַווע קעמפּפער, האָט ניט אַ ריהר געטהאָן מיט די ברעמען, אָבער זיינע ציטערנדיגע ליפּען האָבען געצייגט די אויפרעגונג, וועלכע האָט איהם אָנגעפיהלט. שטילערהייט, מיט אויסגעשטרעקטע הענט, האָט ער אַרומגענומען זיין געליבטע ווייב. ביידע האָבען אין דער מינוט דורכגעלעבט דעם גאַנצען צוזאַמען געגאַסענעם גליק.

דריי מאָנאַט פאַר דעם קריעג האָט ער געאַרבייט אַלס לאָקאָ-מאָטיף־פיהרער צווישען פּאַריז און באָרדאָ. זיינע געדאַנקען זיינען אימער געווען פול מיט דעם חלום פון אָבשאַפען די שקלאַפעריי, די לאָהנשקלאַפעריי פון דעם נייצעהנטען יאָהר הונדערט.

שווער און געפעהרליך איז דאָס ברויט פון דעם לאָקאָ־מאָטיוו־פיהרער. קיין שום אַנדערע אַרבייט איז ניט פאַרבונדען מיט אַזאַ פעראַנטוואָרטליכקייט. ביי דער גאַנצער פאַרזיכטיגקייט און דער העכסטער פּינקטליכקייט אין דינסט, וואָס פאַר אַ געפאַהר! און וואָס פאַר אַ עלענדען לוין פאַר אַזאַ אַרבייט, וואָס מאַכט אַלט

פאר דער צייט!

שטענדיג האט ער נאכגעדאכט דעריבער: ווארום איז דאס, אז א הויפּעלע מענשען לעבען אזוי גוט, אזוי רייך נור צוליב דעם, ווייל זיי קומען ארויס פון אזוינע עלטערן, וואס שטעהען כלומרשט אויף א העכערע שטופע פון דעם סאציאלען לייטער; וועהרענד ניט אכטענדיג אויף טאלאנט, פעהיגקייט און בראווקייט, ליידען די אריי־מע אלע צרות און שלעק אין דער וועלט, אום צו מאכען די וויניגע זיס דאס לעבען? קארדא, דער לאקאמאטיוו־פיהרער, איז אימער געווען מיט זיין גאנצען הארצען איבערגעגעבען דער זאכע פון די אריי־מע. ער האט געשטאמט פון דעם רעוואלוציאנערן פּראלעטאריאט פון פּאריז. ער איז געווען אנגעפיהלט מיט דעם געדאנק וועגען דעם בעגינען פון א נייער צייט.

איין מאהל אין דער פריה איז ער געזעסען אויפ׳ן מאשין פאהרענדיג פון דער גאראנע (א טייך אין דרום פראנקרייך) צו דעם סיין (דער טייך אין פאריז). ער האט זיך פארביינקט נאך זיין פאטערשטאדט פּאריז, צו וועלכער דער בליטץ־צוג האט איהם געטראגען ווי א שטורם ווינד.

זיין שארפעס אויג האט דערזעהען אין דער וויטענס א מענש־ליכע בעשעפענים ליגען אויף דער שינע.

דער בליטץצוג האט געיאגט מיט משוגענער שנעלקייט. וועגען איינהאלטען דעם צוג ביז צו יענעם פּלאטץ איז גאר ניט געווען צו דיינקען. וואס זאל מען דא טהון? „האלט איין און גיב די קאנדוק־טארען דעם סיגנאל צום אפשטעלען“, האט ער א געשריי געטהאן צום לאקאמאטיוו־הייצער „האלט מיך פעסט“.

אויף א שטריק, וועלכע ער האט פארבונדען ארום זיינע הענד און וועלכע דער אנדערער האט פעסט געהאלטען, האט זיך קארדא אראפּגעלאזט איבערן פראנט פון מאשין. אזוי האלטענדיג זיך מיט די פיס פון אויבען האט ער מיט די הענד געקענט אנטאפּען פון אונטען. אויף אזא וועיזע איז איהם געלונגען אנצוטאפען די זעלבסט־מערדערין און ארויפציהען איהר אין דער הויך, איידער די רעדער האבען איהר ארייגגיכאפט. געדעטעט און געזונד האט ער איהר אריין

געבראכט אין לאקאמאטיוו אריין.— זי האט זיך אנגערופען לעאנע, און איהר ליידענס־געשיכטע? אך, דאס איז געווען די זעלבע, ווי פי עלע אנדערע.

איהרען א אנקעל, א קעמפפער פאר די ארבייטער זאכע אין די בלוטיגע טעג פון יולי 1848 האט מען פעראורטהיילט אויף די טרוקענע גילאטינע, נעמליך אין די זומפען פון דער שטראף־קאָלאניע קייענע, וואו ער איז געשטארבען פון פיבער, איין יאהר נאך דעם בלוטיגען זיעג פון דער בורזשואזיע איבער די ארבייטער־קלאסע.

לעאנע'ס מוטער האט זיך געהאט פערליעבט אין א יונגען מאן און דעם געבילדעטען שטאנד, וועלכער האט איהר פארפיהרט און באלד אוועקגעווארפען.

לעאנע, דאס קינד פון דיזער ליעבע אויפגעוואקסען אין עלענד פון נויטה און פריהצייטיג ענטוויקעלט, האט פאר זיך געזעהען נור דאס עלענד, די שמאך אדער דעם טויט. זי האט זיך בעשלאסען אויף דעם לעצטען.

בעררייט צום שטארבען איז זי איין פריהמארגען ארויס פון פאריז און האט זיך אנידערגעלייגט אויף די שינעס, וואו דורך קארד־דא'ס ענטשלאסענהייט און מוטהיגקייט איז זי גערעטעט געווארען.

אכט טאג שפעטער, און דיביידע פון דער זעלבער קלאסע און די זעלבע געדאנקען, נאר צוזאמענגעבראכט פון דעם שיקזאל, האבען איינ דעם אנדערען ערקלערט זייער ליעבע.

אין די געדאנקען האט זי אימוער געזעהען דעם מאן פון דיזען געשטאלט, וועלכער, אראפהיינגענדיג פון דעם לאקאמאטיוו, האט איהר ווידער צום לעבען ארויפגעצויגען. זי האט ניט געוואלט לעבען, ווי נאר מיט דעם, וועלכער האט איהר דאס לעבען צוריק געגעבען. איין מאל אבענדס זיינען זיי ביידע ארויפגעגאנגען אויף דעם פארק ביטעט־שאממאן (א פאלקס פארק אין נארד פאריז, וועלכער ליגט אויף בערג איינער העכער פון דעם אנדערן). אליין —אין דער געגענווארט פון די הויכע בוימער און דעם רוישענדיגען וואסער — האבען זיי געהייראטהעט, פריי פון אלע פארמאליטעטען

און צערעמניעב. זיי האבען געשטעלט די נאטור פאר דעם עדות פון זייער אייביגער פערבינדונג, און די ערינערונג אן די אונפערגעסליכע האכצייט האט שפעטער בעלייכטעט דעם וועג פון דיזע צוויי לעבענס־חברים.

דאס גליק איז א חלום, און דער חלום דויערט לײדער ביי די ארימע ניט לאנג. זייענדיג א צו גוטער פאטריאט, אום ניט צו נעהמען קיין אנטהייל אין דעם קאמפף פון דער נאציאן אין 1870 יאהר, איז קארדא דעם 4 טען סעפטעמבער אריינגעטרעטען אין די פאלקס־מיליץ, אום צו פערטהיידיגען פאריז.

טראץ די העלדישע אויסהאלטונג פון די פאריזער איינוואהנער, האבען די פרייסען איינגענומען פאריז.

עס האט אנגעפאנגען דער קאמפף פון די אנהענגער פון דער פאלקס־פארטיי געגען די פערזענליכע רעגירונג, דער קאמפף פון די קאמונארען געגען די בורזשואזיע.

אויף איין זייט נאפאלעאן דעם דריטענ׳ס קייזערליכע אנהענגער, אויף דער אנדער זייט דאס פאלק פון פאריז. דער זיבענטעגיגער קאמפף פון דעם פאלק איז געגאנגען פארלארען. די לעצטע העלדען זיינען צוריקגעטרעטען ביז לאשעיז, וואו לעאנע האט זיי אויפגעזוכט—לעאנע, וועלכע איז שוין פון קארדא בעווײנט געווארען אלס א טויטע.

„יא", האט זי אנגעפאנגען, אונטערברעכעדיג די הייסע קוסען פון ווידערזעהען, „צו בעאנטווארטען דיין פרעגעדיגען קוק, קען איך דיר ברייגגען די בשורה, דאס אלע אונזערע פריינדע האבען געהאלטען די שבועה צו דער הייליגער זאכע. אלע האבען געקעמפפט ביז צום לעצטען טראפען בלוט, און אלע זיינען געפאלען.

„אזוי ווי אלע איבריגע, האט אויך דיין ברודער אלבערט געפונען זיין טויט. איך האב איהם א טויטען געזעהען אויף דעם יולי מאנומענט אויפ׳ן פלאץ דע לא באסטיל: זיין בלוט האט פארשפריצט די טאפעל, אויף וועלכער צווישען די נעמען פון די געפאלענע פרייהייטס העלדען פון 1830 גלענצט אויך אייער פאטער׳ס נאמען.

„א פעטען ביסען האט געהאט דער טויט אויף דעם פלאץ

דע לא באסטילל; יעדען האט ער אייגעשלונגען: מענער, פרויען און קינדער פון אונזער פערהאסטער מענשען־קלאססע, וועלכע האבען געקעמפפט פאר אלעמענס פריהייט, סיי מיט וואפען, סיי אהן וואפען—זיי האבען גאר נישט אויסגעלאזט, די ווערסאליער.

„ווי די בלוט־הינט, צו וועלכע דער בעל־הבית שרייט: טויטעט! אזוי האבען זיי אלעס געטויטעט.

„דיין שוועסטער מיט איהר מאן האט מען אריינגעבראכט אלס געפאנגענע.ביידען האט מען אויפ׳ן שטעל דערשאסען.

„הער נור! נעכטין אום האלבע נאכט בין איך אוועק פון הויז, איך האב דורכגעשפאצירט די שטאדט אונטער באמבען און קוילען, איבער בלוט און פייער. — פאריז ברענט — עס איז שוין טהיילווייס אבגעברענט — באלד וועט דער פייער און מיט איהם די רעוואלוציאן אבגעשלאגען ווערען. אונזערע פריינד האבען זייער ווארט געהאלטען. די בויערען ווילען א קעניג — — — אבער זיי האבען שוין מעהר ניט קיין קעניג־פאלאץ — דאס פאלייראיאל און די טוליעריען ליגען אין אש.

„די פאריזער ארבייטער האבען געהאלטען די שבועה: „אין פרייהייט לעבען אדער שטארבען". דאס פאלק פון פאריז ליגט מיט פולער עהרע בעגראבען אונטער דעם אש פון דער פערוויסטער שטאדט.

„דער סיין־טייך איז ווארם און רויט מיט דעם בלוט פון אונזערע העלדען און דאס שטראסען־פלאסטער שווימט אין בלוט.

„דא שלאפט דאס פאלק אונטער א פורפורמאנטעל. עס וועט אבער קומען דער טאג, ווען דאס פאלק וועט טהון א שטיי אויף, דאנן— —

„די בויערן — מיט לייב און לעבען איבערגעגעבען צו זייערע פערקנעכטער — היינט צו די געלדבאנדיטען, ווי א מאל צו די אדעל־בויאנעס — — האבען פאריז חרוב געמאכט. פאריז, וועלכע האט ביז יעצט געשטאלצירט מיט דעם, וואס זי האט ניט אנערקענט קיין גאט, קיין געקריינטען קאפף, קיין גלח, קיין אדעל — פאריז שטעהט יעצט אין פלאמען. חרוב געמאכט אין גאט׳ס נאמען.

פרעגט מיך ניט, ווי איך האב זיי אבגענארט, ווי איך בין פון וייערע הענד פריי געווארען. אין פערצווייפלונג און צארן האב איך געזוכט מיין וועג, מען האט מיך אריינגעשלעפט אין א הויף אריין, זיי האַ־בען מיך צוגעשטעלט צו א וואנט — די תליונים. ציטערענדיג בין איך אראפגעזונקען אין דער קופה פון אנדערע מענשען־אפפערס. איך האב אבער געלעבט און בין צו אייך געקומען. דיך ווידער־זעהען — ווידערזעהען נור איין אויגען בליק — דאס איז אללעס, וואס איך האב געוואלט. מעג מען מיך יעצט כאפּען, בין איך בע-רייט.

„אבער געליבטער, — איך בין געקומען ניט איינע אליין!“

אונערשראקען, ווי זיינע אורעלטערען פון יאהר 1789, איז געשטאנען דער פיהרער פון די פרייהייטס קעמפפער, צוהערענדיג זיין ווייב'ס ערציילונג.

פלוצלונג אבער ביי די לעצטע ווערטער איז א ציטער דורכ־געגאנגען איבער זיין שטאלצען געשטאלט.

„וואס, אום אלעס אין דער וועלט, געליבטע ווייב, איז דאס מעגליך — איז דאס וואהר?“

„יא“, האט זי געענטפערט, „אויך ער האט אויסגעמיידט די בלוט באד — ער לעבט — זעה, אט איז ער!“ — קארדא, וועלכער איז געשטאנען ווי א בראנזעווע סטאטוע געגען דעם רעגען פון קוילען און באמבעס,—דער קאררא האט געבליפעט, דערזעהענדיג דאס צארטע קינד, פון וועלכען די מוטטער האט אראפגענומען דעם וואלענעם יאק.

דערזעהענדיג אז זייער פיהרער איז בלייך געווארען, האבען זיך די קאמונארען צוגערוקט נעהענטער און האבען אנגעקוקט דאס אינגעלע, וועלכער האט אויסגעשטרעקט זיינע רויטע הענטלאך.

אין טיפען הארצען געריהרט פון דעם אנבליק, וועלכער האט יעדען פון זיי דערמאנט אן די אייגענע קינדער, שוועסטער און ברי-דער און אנדערע קרובים, זיינען די קעמפפער געשטאנען אין בעד־טראכטונג.

דער פאטער האט געזיפצט ווענן ער האט גענומען דאס קינד

אין ויינע פון פולווער פערשווארצטע הענד.

דער שטיינהארטער קעמפפער האט זיך שטארק צוגעקוקט צום קינדס פנים, וועלכער האט איהם דערמאנט אן זיין ווידען, וואס האט געלאזען זיין לעבען אונטער דער גיליאטינע אויף דעם גרעווע פלאטץ. וויל ער, אלס איבערצייגטער מאן, האט אויך פראטעסטירט געגען דעם פראנצויזישען קעניגטהום.

„דערקענסטו דיין קינד?"

„ער האט מיין ווידען'ס אנבליק".

פלוצלינג איז צוגיגאנגען איין אלטער ווייסהאריגער קעמפפער אין קליידער פון די אלטע שווייצער.

„בירגער־קאמאנדיר", האט ער געזאגט מיט א ערענסטער שטימע, „ווי רופט מען דיין אינגעל?"

„ער האט נאך ניט קיין נאמען!" האט טרויעריג געענטפערט די פרוי, וועלכע האט געפיהלט אז מיט איין שטונדע שפעטער וועט זי זיין א אלמנה.

„ווען ויינע עלטערען ערלויבען, בירגערין, קען מען איהם דא געבען א נאמען"

„ווער וויל זיין איין עדות!"

„מיר אלע!„

„גוט, אזוי זאל עס זיין!"

אין פייערליכער שטילקייט ויינען געשטאנען די העלדען; דער גרויסער פרייהייט קעמפפער, האט צום ערשטען ארויסגעשפראכען דעם געדאנק, האט געקוקט אויף די איבעריגע, וועלכע ויינען געשטאנען אין צירקעל.

„געגאסען", האט ער געזאגט, „מיר האבען זיך איבערגעגעבען צום טויט פאר די רעכטע פון דעם אונטערדריקטען פאלק. אבוואהל פאלענדיג אונטער די קוילען פון געדונגענע משרתים פון אונזערע אונטערדריקער, וועלען מיר דאך ניט פארגיסען אונזער בלוט אומזיסט. צו אונזער זאכע געהערט די צוקונפט".

„איין קינד וועט אונז איבערלעבען; און דאס קינד, אונזער פיהרער'ס זוהן, וועט בלייבען א לעבעדיגער מאנומענט פון אונזער

שיקואל פאר דעם קומענדיגען דור“.

„לאמיר זיך צואיילען. פריינדע, די צייט קומט אן“.

מען האט דאס קינד ווידער איינגעוויקעלט אין דעם וואלענעם יאק, און עס אנידערגעלייגט אויף צעהן צוזאמענגעלייגטע ביקסען, וועלכע די חברים האבען געהאלטען פון ביידע זייטען. מען האט עס צוגעדעקט מיט דעם מאנטעל פון א געפאלענעם פאלקס-קעמפפער.

די קעמפפער האבען איהם א נאמען געגעבען „נקמה“ — דיזער אויסרוף איז ארויס פון אלע הערצער.

„ער וועט ווערען א מאן—דער זוהן פון דער פרייהייטס מיש־פחה, וועמענס פאטער, ביידע און עלטער־זיידע האבען געלאזען זייער לעבען אין קאמפף פאר דאס פאלק; ער וועט נקמה נעהמען פאר די קרבנות פון דעם הייליגען קאמפף, פאר פרייהייט און רעכט. עס וועט ערלעבען דעם זיעג פון אונזערע אידעען!“

עס הערט זיך ביקסען שיסען, הארמאטען קלאפען. — „צו די וואפען — די בויערען קומען — די מארד־דורשטיגע ווערסאליער“.

„זיי האבען זיך פערשפעטיגט אין צעהן מינוטען. די פריצים“, האט געזאגט קארדא, גריסענדיג זיין פרוי און קינד צום לעצטען מאל: — „אדיע, געליבטע ווייב, אדיע געליבטע קינד, פארווערטס, געגען דעם טויט — בירגער, פארווערטס, אונזערע פערזייטע קער־נער גייען אויף, זיי וועלען וואקסען. פאר די מענשהייט איז גאר נישט פערלארען, אונז געהערט די צוקונפט!

„אונזער נייער בירגער „נקמה“ וועט ענדיגען דאס, וואס מיר האבען אנגעהויבען. פארווערטס, פארווערטס!

„נקמה“, „נקמה“,— עס זאלל לעבען אונזער נייער בירגער, נקמה — האבען זיך אויפגעהויבען בעגייסטערטע קולות צווישען די מצבות צונויפגעמישט מיט דעם קלאנג פון די כלי־זין און דעם שטארקען שרייען פון דעם קאמאנדיר: „פארווערטס, פארווערטס!“

הויך און הילכיג האבען זיך צושאטען איבער דעם בית־עלמן די לעצטע בעגייסטערטע קולות פון די קאמונע־העלדען, ביז זוי זיינען פארהילכט געווארען פון די הארמאטען־קלעפ פון די פארקנעכטע־טע בויערן.

און דאס לעצטע ווארט ביי יעדעם פון די לעצטע פרייהייטס־
קעמפפער פאר דער קאמונע איז געוועזן „נקמה“.......



# א ציעקאווגע.

א סקיצצע פון וו. קאראלענקא.

— איז שוין באלד די סטאנציע, בעל־עגלה?

— נאך ניט אזוי גיך, ביז צום מעטעליצע וועלען מיר זיך קוים איינקעהרען. או, ווי עס ווייעט, די זאווירויכע קומט.

יא, ביז דער זאווירויכע וועלען מיר מסתמא ניט איינקעהרען זיך. ענטקעגען אוועגד ווערט אלץ קעלטער. א, הערט, ווי עס סקריפעט דער שנייא אונטער די שליטאייזען; ס'איז א ווינטער־אוועגד, די זאווירויכע רוישט אין דונקעלן וואלד, די צווייגען פון די יעלען ציהען זיך צום שמאלען וואלדוועג און שאקלען זיך מאוים'דיג אין דעם פאללענדעם דונקעל פונ'ם פריהען אוועגד.

ס'איז קאלט און אונבעקוועם. די בויד איז שמאל, עס קוועטשט אין די זייטען און צו אללע צרות טרייסעלט זיך דא דער שווערט און דער רעוואלווער פון די בעגלייטער. מיט זיין דינענקין קעלבע־לע האלט אונטער דער גלעקל, ווי א קליינינקער העלפער דעם חזן, דעם שטורם, וואס האט זיך צוגאנגען איבערן וואלד.

נור שא, עס גליקט, עס זעהט זיך שוין דער פייערל פון סטאנציע לעבען עק וואלד.

קלינגענדיג מיט א גאנצע מאססע פון אללערליי געוועהר, טרייסלען מיינע בעגלייטער אב דעם שנייא אין א הייס־אנגעהייצ־טער דונקעלער פארקאפטשעטער שטוב. ס'איז ארעם און ניט פריינדליך. די בעל־הבית'טע שטעקט אריין אין דעם ברענער א רויכערדיגע קינעלע.

— צו איז ניטא וואס צו עססען, בעל־הבית'טע?

— גאר נישט ניטא.

— קיין פיש אויך ניט? איהר האט דא ניט וויט א טייך?

— יא, פיש איז געווען, אבער די ווידרע האט אלץ אויפגעפרעסן.

— נו, אפשר קארטאפעל?

— אויסגעפרווירען איז הייער אין גאנצען דער קארטאפעל.

מילא, וואס וואלל מען מאבען; די בעל־הבית׳טע דערלאנגט ברויט, א סאמאוואר האט זיך פון ערגיץ ארויסגעפונען. און, גע־לויבט איז דער אויבערשטער, מ׳האט זיך דערוואַרעמט מיט א גלעז־זעל טהיי, איבערגעביסען א שטיקעל ברויט, א פאר ציבעלקעס האט די בעל־הבית׳טע אויך געבראַכט אין א קערבל. און אין דרויסען האט זיך צושפילט די זאווירוכע, האט געשמיסען אין פענ־סטער מיט א דראבנעם שניי, און אפילו דער שיין פונ׳ם קינעלע האט זיך אללע ווייל געטושקעט און געציטערט.

— ווייטער פאהרען וועט איהר דאך ניט קעננען—טא נעכטיגט דא איבער.

— פאר וואס ניט, לאמיר נעכטיגען. איהר פריץ האט דאך אויך ניט וואס זיך צו היילען. איהר טהוט א קוק וואס דא איז פאר א׳ן ארט, נו, אבער דארטין איז נאך ערגער, אויף מיינע נאמנות.

אין שטוב איז שטיל געווארען. אפילו די בעל־הבית׳טע האט שוין אויך אוועקגעלייגט איהר שפינדעל און איז געגאנגען שלאפען, און די קינעלע איז אויך שטילערהייט אויסגעגאנגען. אין די פינסטערקייט און שטילקייט, וואס ס׳האט אלץ ארום בעהערשט, פלעגט זיך נור אריינרייסען די קלאפעניס פון ווינד. איך האב ניט געקענט שלאפען. אונטער דעם גערויש פון שטורם האבען זיך אין קאפף אויפגעהויבען שווערע געדאנקען און געפלויגען איינער נאכן אנדערן.

— ווי איך זעה, שלאפט איהר ניט, פריץ, האט געזאגט איינער פון די בעגלייטער—„דער עלסטער"—א גאנץ ווילער מענש מיט א חנ׳עוודיגען, כמעט אינטעליגענטעם פנים, א בריה׳אק, ניט קיין פאַ־ריץ און פארשטייט א אינטערעס. אין א וועג האט מען פון איהם קיין איבעריגע צרות ניט. ס׳איז א מענש אהן קונצען.

— יא, עס שלאפט זיך עפעס ניט.

א קורצע ווילע פארגייט אין שווייגען אוועק, איך הער, אז מיין שכן שלאפט אויך ניט. בא איהם בלאנזען אויך מסתמא געדאנקען אין קאפף. דער אנדערער בעגלייטער—א יונגער, א „פאדרוטשנער"—שלאפט א שלאף פון א געזונדען, אבער א שטארק פארמאטערטען מענשען. צייטענווייס מורמעלט ער עפעס פון שלאף.

— אויף אייך איז מיר אבער א וואונדער—הער איך ווידער די רוהיגע ברוסטשטיממע פונ'ם אונטעראפיציר—יונגע לייט, איידעלע געבילדעטע מענשען, קען מען זאגען — און ווי פארלעבט איהר אייער לעבען.

— וואס הייסט, ווי?

— אך, פריץ, ניט שיין קענען מיר דאס ניט פארשטיין?... זייער גוט פארשטייען מיר, אז איהר האט ניט אזא לעבען געפירט, און ניט צו אזעלכע זאכען זייט איהר פון קינדווייז געוויינט...

— פוסטע רייד, גאר ניט דאס איז וויכטיג, צו וואס מ'איז פון קינדווייז געוויינט,—ס'איז געווען גענוג צייט זיך אבצוגעוויינען...

— נו, וואס איז דא די ווילקייט?—פרעגט ער מסופק.

— ווילקייט, ווער רעט פון ווילקייט... אייך איז עפעס וויל? מען שווייגט.

— גאווריליאוו (לאמיר אזוי א נאמען געבען מיין שכן), ווי איך זעה, קלערט איהר וועגען עפיס.

— ניין פריץ, הערט וואס איך וועל אייך זאגען... גלויבט מיר, ס'ווערט א מאל אזוי אויפ'ן הארצען, אז איך וואלט, דאכט זיך, פראסט אויף די ווייסע וועלט ניט געוואללט קוקען..... פון וואס עס קומט—וויס איך ניט, אבער שפארט עס צו א מאל, שפארט עס צו—ווי א מעסער שארף, זאג איך אייך.

— איז דער דיענסט שווער, וואס?

— דער דיענסט נאך ווי דער דיענסט... פערשטעהט זיך, ס'איז ניט קיין שפילכעל, און די נאטשאלסטווא איז, דעם אמת זאגענדיג, אויך שטרענג גענוג, אבער ס'איז אלץ ניט פון דעם.

— נו, פון וואס־זשע?

— ד'וויי...

מען 'שווייגט יוידער.

— אט איצטער נאך האב איך שוין א ביסל איבערגעליטען, זיך שוין צוגעוואהנט. איך האב פיינט צו זאגען די נאטשאלסטווא פערלאזט אויך ניט, אט האט מען מיך געמאכט פאר א אונטעראפי־ציר, קיין מאל האט מען מיך ניט בעשטראפען, איך קלייב זיך שוין אין געבען אהיים—אין אטסטאווקע...

— טא וואס־זשע?

— סיידען דערציילען, פריץ, א מעשה, וואס מיט מיר האט פאר־סירט... אין דיענסט בין איך איינגעטרעטען אין יאהר 1874, גלייך פון פריאם אין עסקאדראן אריין. געדיענט האב איך גוט, קען מען זאגען, מיט התמדה, דאס־רוב אין קאראול, וואו עס איז ערגעץ ביי א'ן עולם, ביי א טהעאטער,—מילא, מ'דארף אייך דאך ניט דער־ציילען, שווארצע פינטלען קען איך א ביסל, מילא האט די נא־טשאלסטווא ניט פערלאזען. אונזער מאיאר איז געווען פון מיינע קאנטען, און אזוי, ווי ער האט ער געזעהן מיינע סטאראניעס, רופט ער מיך א מאל צו זיך און זאגט: „איך ווילל דיך, גאוורילאוו, מאַ־כען פאר א'ן אונטעראפיציר. ביזט דו שוין א מאל געווען אין א קאמאנדיראווקע?

„ניין, וואשע וויסאקאראדיע“, זאג איך.

— „נו, זאגט ער, דעם אנדער מאל שיק איך דיך מיט פאר א פאדרוטשנעם, וועסט זיך צוקוקען—ס'איז ניט קיין גרויסע חכמה“.

„אויף בעפעהל, וואשע וויסאקאראדיע, איך וועל זיך זעהען סטארען“, זאג איך. און באמת בין איך אין א קאמאנדיראווקע ביז אהין ניט געווען—אט מיט אייערע ברידער, הייסט עס. ס'איז אפי־לו טאקי ניט קיין גרויסע חכמה, אבער פון דעסטוועגען, מ'דארף דאך גוט, פערשטעהט איהר מיך, איינ'חזר'ן די אינסטרוקציע, און גלאט דארף מען זיך קענען א קעהר טהאן. מילא גוט... אין א וואך ארום הייסט מיר דער דנעוואלנע קומען צום נאטשאלניק און רופט ארויס נאך א'ן אונטעראפיציר. מיר קומען צוגעהן. „איהר פאהרט

זאגט ער, אין א קאמאנדיראוועקע. אט האסט דו, זאגט ער דעם אונטעראפיציר, א פאדרוטשנעם. ער פאהרט נאך דעם ערשטען מאל. זעהט, האט קאפף און גיט גוט אכטונג, קינדער, זייט מיר נאר בריות. א פריילען דארפט איהר פיהרען פון געפענגניס; אט האט איהר די אינסטרוקציע, מארגען בעקומט איהר געלד, און היידא". דער אונטעראפיציר איוואנאוו איז געפאהרען מיט מיר פאר א'ן עלטסטען, און איך בין דאס געווען זיין פאדרוטשנער, אט אקוראט, ווי דער זשאנדארם'ל איצט ביי מיר. דער „עלטסטער" בעקומט די אינסטרוקציע, בעקומט דאס געלד, די פאפירען אויך, ער שרייבט זיך אונטער, פיהרט די רעכנונגען, נו און דעם פראס-טען זשאנדארם גיט מען איהם אב פאר א העלפער. ערגיץ וואו שיקען, טהאן, אויף די זאכען אכטונג געבען, דאס, יענץ... מילא גוט. אויף מארגען, אקערשט פאר טאג, מיר זיינען נאר וואס ארויס פון דעם נאטשאלניק—איך טהו א קוק: מיין איוואנאוו האט שוין ער־גיץ־וואו געכאפט א לחיים. און דעם אמת זאגענדיג האט ער טאַ־קי געטייגט אויף כפרות, מ'האט איהם שוין לאנג אראפגעווארפען. פאר דער נאטשאלסטווע איז ער געווען א'ן אונטעראפיציר ווי עס דארף צו זיין, ער פלעגט אפילו מאכען אויף אנדערע אויך בילבור־לים—אבי זיך נאר אויסדינען. אבער ווי נור די נאטשאלסטווע קעהרט אב א'ן אויג, פלעגט ער זיך דאס א ביסל פערנאנדערלאַ־זען און די ערשטע זאך פלעגט ער ליעב' האבען א לחיים. מיר זיינען געקומען אין טורמע ווי דער שטייגער איז, האבען אבגעגע־בען דעם פאפיר, שטעהען און ווארטען.

איך בין נייגעריג צו זעהען וואס עפיס פאר א פריילען ווע־לען מיר דאס דארפען פיהרען, און פיהרען דארפען זי א היבשען מהלך. מיר זיינען געפאהרען, אט טאקי דעם זעלבען וועג האבען מיר זי געפיהרט. נאר זי, פערשטעהט איהר מיך, איז געווען גע־שיקט אין שטאדט ניט אין א דארף. נו, דעם ערשטען מאל ווילט זיך טאקי זעהען—שטעה איך און ווארט. געווארט האבען מיר אזוי א המשך פון א שעה צייט, ביז מ'האט דארט צוזאמענ־געפאקט איהרע זאכען, און זאכען האט זי געהאט, משטיינס גע־

זאגט, א קליין פעקעלע—עפיס א קליידל, נו דאס, יעניץ—מילא מען דארף אייך דאך ניט דערציילען. ביכלעך האט זי אויך מיט זיך געפיהרט און מעהר גארנישט. פון ארעמע עלטערן מסתמא, טהו איך מיר א קלער. ערשט פיהרט מען זי ארויס, איך טהו א קוק, נאך גאר א יונגע, אט טאקי א קינד. דונקעלבלאנדע האר, פערפלאכטען אין א צאפף, די בעקלאך האבען איהר געפלאמט ווי א פייער. דערנאך אבער, האב איך געזעהען, איז זי דעם גאנצען וועג געוועזן בלייך, ווי א מת. זי האט עפיס מיר אזוי פערכאפט פאר'ן הארצען ד'מיין, איך זאג אייך, אזוי פערכאפט, אז פראסט... זי האט אנגעהויבען אנצוטהאן דעם מאנטעל, די קאלאשען... מ'האט אונז געהייסען דורכזועהען די זאכען; אזוי מוזען מיר נאך דער אינסטרוקציע. „האט איהר עפיס געלד מיט זיך?“ פרעגען מיר. האט זי געהאט אין גאנצען איין רובל מיט צוואנציג קאפעקעס. דער סטארשער האט דאס צו זיך גענומען. „איך מוז אייך, פריילען, ארומזוכען“, זאגט ער. ווי א פלאם פייער האט זי זיך א' ביסל אנגעצונדען, ווי א פלאם פייער. די אויגען האבען זיך צוברענט, די בעקלאך זיינען נאך רויטער געווארען, די ליפפעלעך—דין, בייז... ווי זי האט אזוי א קוק געטהאן אויף אונז—גלויבט איהר מיר—איך האב קיין העזה ניט געהאט אפילו צוצוטרעטען. נו, און דער סטארשער, פערשטעהט זיך, האט דאך שוין ארייגעגאסען און קריכט מיט העזה צו איהר: „איך מוז, זאגט ער, איך האב, זאגט ער, אינסטרוקציעס“ אבער האט זי עפיס אזא געשריי געטהאן, אז אפילו איוואנאוו איז פון איהר אבגעשפרונגען. איך קוק, דער פנים איז בלייך, אפילו קיין טראפפען בלוט ניט, און די אויגען זיינען עפיס אזוי שווארץ געווארען און אין כעס, אז א מורא. טופעט מיט די פיס, רעדט גיך,גיך—און איך, דעם אמת זאגענדיג, האב גאר ניט אזוי גוט פערשטאנען, וואס זי האט גערעדט... דער סמאטריטעל האט זיך אויך דערשראקען, האט איהר געבראכט א גלאז וואססער... „בערוהיגט אייך, בעט ער איהר, אום גאטעס וויללען, זאגט ער, האט אויף זיך אלליין רחמנות... אבער זי איז אויף. איהם אויך ארויפגעפאללען... „גזלנים, שרייט זי, חס'עס“. נו, און נאך א סך העזה'דיגע ווער־

טער האט זי איהם אנגעזאגט. איהר מעגט זיך זאגען, וואס איהר ווילט, אבער אזוי ענטקעגען די נאטשאלסטווא איז דאך דאס עפיס ניט קיין שטייגער. און מיר האבען איהר גאר ניט ארומגעזוכט. דער סמאטריטעל האט זי אריינגעפיהרט אין א׳ן אנדער חדר, און באלד זיינען זיי ווידער ארויסגעקומען מיט׳ דער נאדזיראטעלניצע. — „זי האט ביי זיך, זאגט ער, גארנישט“. זי קוקט אויף איהם, און אט, דאכט זיך, לאכט זי איהם אין צורה אריין, די אויגען ברענען פון כעס. איוואנאוו, דער פארשיכור׳טער שטעהט, און, פערשטעהט זיך, טענ׳עט זיינס: „ס׳איז ניט נאכ׳ן זאקאן, איך האב אינסטרוקציעס“ זאגט ער. אבער דער סמאטריטעל האט אויף איהם ניט געקוקט. מיר פאהרען. בעת מיר פאהרען דורכ׳ן שטאדט קוקט זי אלץ דורכ׳ן פענסטער. איוואנאוו אבער לאזט אראב דעם פארהאנג—פערמאכט גאר די פענסטער. זי האט זיך פארשלאגען אין א ווינקעלע, האט זיך צוגעטולעט און קוקט אויף אונז. און איך, דעם אמת זאגענדיג, האב טאקי ניט אויסגעהאלטען: גענומען דעם פארהאנג, כלומר׳שט ווי איך וואלט אליין וועללען א קוק געבען און פארציגען אזוי, אז זי זאלל אויך קענען זעהען... אבער זי האט אפילו א קוק ניט געוואללט געבען אין פענסטער, זי זיצט אלץ אזוי אין כעס אין ווינקעלע, האט פערביסען די ליפפען, איך האב געמיינט, אז זי וועט זיי ביז אויף בלוט צובייסען. מיר פאהרען ווייטער מיט׳ן באהן. יענעם טאג איז געוועזן א שיינער וועטער, די מעשה איז געוועזן אין הערבסט אין חדש אלול. די זוהן לייכט העל, עס בלאזט א פרישער, הערבסטליכער ווינטעלע; זי נעהמט און עפענט אין וואגאן דעם פענסטער, רוקט זיך ארויס אויפ׳ן ווינד און זיצט זיך אזוי. נאך דער אינסטרוקציע אבער, פערשטעהט איהר מיך, טאר מען דעם פענסטער ניט אויפעפענען, אבער מיין איוואנאוו, ווי ער האט זיך נור אר׳ינגעוואלגערט אין וואגאן, האט באלד איינגעשלאפען און מיר האט עפיס די הארץ ניט גע׳אזען איהר צו זאגען. אין א ווילע ארום האב איך זיך פארט ערלויבט, געה צו צו איהר און זאג: „בארישנע, פערמאכט דעם פענסטער“. זי שווייגט, און גיט אפילו אין מיין זייט ניט א קוק, אקוראט, ווי ניט איהר מיין איך,

חאטש דאס ווייס איך, זי הערט. איך שטעה און שטעה און זאג נאך א מאל: „בארישנע, איהר וועט זיך נאך פערקיהלען, עס איז דאך קאלט". זי האט צו מיר אומגעדרייט דעם קאפף, אקוראט ווי זי וואלט זיך איבער עפּיס פערוואונדערט. האט א קוק געגעבען אויף מיר און זאגט דער נאך שטיל: „לאזט מיך רוהיג". זאגט און קעהרט זיך ווידער אום צום פענסטער. איך האב א מאך געטהאן מיט דער האנד און האב אבגעטראטען אן א זייט. זי איז געווארען רוהיגער. פלעגט א ווילע פערמאכען דעם פענסטער, זיך איינטולען אין מאנטעל און ווארמט זיך. דער ווינד, זאג איך אייך, איז געווען א פרישער, ס'איז געווען קאלט. און דערנאך פלעגט זי ווידער געהן צום פענסטער און ווידער זיך אין גאנצען ארויסשטעללען אויפ'ן ווינד. נאך טורמע האט זי זיך, ווי עס ווייזט אויס, ניט געקענט זאט אנקוקען. זי איז אפילו א ביסל פריילעכער געווארען, קוקט זיך און גיט א שמייכעל א'ן אנדערס מאל, עפּיס א חיות איז אויף איהר דאמאלס געווען צו קוקען, גלויבט מיר, אז איך זאג אייך אויף נאמנות. דאכט זיך, ווענן די נאטשאלסטווע וואלט מיר זי אוועקגעגעבען, וואלט איך אויפ'ן שטעל מיט איהר חתונה געהאט, אנשטאט זי צו פערשיקען.

פון שטאדט האבען מיר געמוזט פאהרען מיט א „טראיקע". איוואנאוו איז מיר שיכור ווי א בעסטיע; שלאפט זיך א ביסל אויס און גיסט ווידער אהיין. ער איז ארויס פון וואגאן, פאלט פשוט פון די פיס. נו, קלער איך מיר, א קלאגענדיגע מעשה ער זאלל נאך ח"וש די קאזיאנע געלד ניט אנווערען. ער האט זיך אריינגעוואלגערט אין פאסט־וואגען, האט זיך אויסגעצויגען און האט באלד איינגעחראפּעט. זי האט זיך אוועקגעזעצט לעבען איהם, קוקט אבער אויף איהם, נו אקוראט ווי אויף א מאוס'קייט, האט זיך צנויפגעטוליעט אזוי, זי זאלל זיך אן איהם חס וחלילה ניט אנריהרען, האט זיך פארשלאגען אין א ווינקעלע. איך האב זיך שוין אוועקגעזעצט נעבען דעם קוטשער. אז ווי מיר פאהרען הויבט זיך אויף אזא מין קאלטער ווינד, אז אפילו איך בין דערפראָרען געווארען; איהר, ווי איך זעה, איז אויך קאלט. זי האט זיך שטארק פערנאנדערגע־

הוסט און האט צוגעלויגט די טיכל צום מויל, איך גיב א קוק אויפן טיכל איז בלוט. ווי מיט א מעסער האט מיר א שטאך געטהאן אין הארצען. „איך זאג אייך, באַרישנע, ווי קען מען דאס אזוי, ד׳לעבען! איהר זייט דאך קראנק—און פאהרט אין אזא וועטער— ס׳איז דאך א שרעק, ווי קאלט... איז דאס, זאג איך, רעכט אזוי?" זי האט אויפגעהויבען אויף מיר די אויגען, האט א קוק געטהאן און אט אזוי ווי עס וואלט ווידער אנגעהויבען אין איהר צו קאכען. „זייט איהר א בהמה, וואס? זאגט זי, פערשטעהט איהר ניט, אז איך פאהר אודאי ניט מיט׳ן גוטען וויללען? אויך גוט, זאגט זי, אלליין פיהרט ער מיך, און קריכט נאך מיט זיינע רחמנות". „איהר וואלט חאטש, זאג איך, געזאגט דער נאטשאלסטווע—חאץ׳ אין שפיטאל וואלט איהר איבערגעלעגען, אלץ בעסער ווי אין אזא קעלט צו פאהרען, דער וועג איז ניט קיין נאהענטער. מיר האבען דאך נאך א דרך גדול צו פאהרען." — „וואהין פאהרען מיר דען?" פרעגט זי. און אונז, פערשטעהט איהר מיך, איז שטרענג פערבאטען צו דערציילען די פערברעכער, וואוהין מיר פיהרען זיי. זי זעהט אז איך האב זיך פערפלאנטעט, און קעהרט זיך אב: „איך דארף ניט, זאגט זי, איך האב דאס נור אזוי גלאט געפרעגט... זאגט ניט, אבער קריכט ניט מעהר צו מיר". איך האב ניט אויסגעהאלטען: „אט א הין דארפט איהר פאהרען, ניט נאהענט". זי האט פארביסען די ליפפען, צוזאממענגעקנייטש די ברעמען, און ענטפערט א ווארט ניט. איך האב א שאקעל געטהאן מיט׳ן קאפף. „אט דאס איז דאס, באַרישנע, זאג איך, יונג זייט איהר נאך, איהר ווייסט ניט וואס דאס בעדייט." די מעשׂה האט מיך טאקי שטארק פערדראסען; זי אבער האט אויף מיר א קוק געגעבען און זאגט: „ איהר האט א גרויסען טעות. איך פערשטעה גאנץ גוט וואס דאס הייסט, אבער איך וועל אויף קיין שום אופן אין שפיטאל ניט געהן. א גרויסען דאנק אייך. אז שטארבען איז שוין בעסער אין דער פריי, און ניט איז אייער טורמע־שפיטאל. וואס מיינט איהר, זאגט זי, פון ווינד, אדער פון א פערקילונג בין איך קראנק געווארען, וואס, ווער ווייס דאס ניט?"

„איהר האט דארט, פרעג איך, אואדי קרובים?“ איך האב דאס איהר געפרעגט, ווייל זי האט געזאגט, אז זי ווילל ביי איהרע אייגענע זיך אויסרוהען. „ניין, זאגט זי, איך האב דארט ניט קיין קרובים און קיין בעקאנטע פריינד. די שטאדט איז מיר ווילד פרעמד, אבער ס׳איז דארט אואדי דא נאך אזוינע פארשיקטע, ווי איך, חברים“. איך בין גאנץ נשתומם געווארען, ווי קען זי פרעמ־דע מענשען האלטען פאר אייגענע; איז דאס דען מעגליך, קלער איך מיר, אז אימעצער זאלל איהר גלאט אזוי אהן א קאפיקע געלד געבען עסען און טרינקען, און נאך דערצו א ווילדפרעמדע. אבער איך האב זי ניט געוואללט ווייטער פערנאנדערפרעגען, ווארום איך האב געזעהען, אז זי הויבט אויף די ברעמען און איז ניט צופרידען, וואס איך פרעג זי. ענטקעגען אווענד טהו איך א קוק: ס׳האבען זיך אנגעלאגערט וואלקענס, א קאלטער ווינד האט אנגעהויבען צו בלאזען, און באלד האט א גאס געטהאן א רעגען.

די בלאטע איז פריהער אויך ניט געוועזן אויסגעטריקענט, אבער דא איז געווארען אזא קייט, פשוט א קאשע אויפ׳ן וועג, מעהר גאר ניט. ס׳האט מיך פערשפריצט בלאטע פון אויבען ביז אראב, זי האט אויך גענוג בלאטע געכאפט. קורץ געזאגט, א וועט־טער איז אויף איהר אונגליק געווארען א מורא׳דיגער: ס׳האט גע־שמיסען דער רעגען גלייך אין צורה אריין. דער בויד איז אפילו געוועזען מיט א׳ן איבערדעק, און איך האב זי נאך מיט א ראגאזשע בעדעקט, אבער וואס קען דאס העלפען. עס רינט פון אללע זייט־טען, איך זעה זי ציטערט פאר קעלט און האלט צוגעמאכט די אוי־גען. איבערן געזיכט רינען איהר טראפענס רעגען, די בעקלאך זיינען בלייך, זי טהוט זיך ניט א ריהר אקוראט ווי א פערחלש׳טע איך האב זיך גאר דערשראקען. איך זעה, עס ווערט עפיס גאר א מיאוס׳ע מעשה...

אין שטאדט זיינען מיר אנגעקומען צום סאמען אווענד. איך האב אויפגעוועקט איוואנווין, מיר זיינען ארויס פון דער סטאנציע— איך הייס שטעלען א סאמאוואר, פון דער דאזיגער שטאדט איז געוועזן שיפפען, אבער נאך דער אינסטרוקציע, איז אונז שטרענג

פערבאטען צו פיהרען די פערברעכער אויף א שיף. דאס איז אפי־
לו פאר אונז פיעל מעהר וויגאדרע. — מ'קען עפיס אריינחאפען אין
קעשענע, אבער ס'איז עפיס פחד'יג. אויפ'ן פריסטאן, פערשטעהט
איהר, וויינען 'שטענדיג דא פאליציייסקע, און ס'קען זיך טרעפען, אז
אויך אונזערער א ברודער, א דארטיגער ושאנדארם זאלל אריינ־
שיקען א מסירה'לע. און אונזער פריילען זאגט: „איך וועל ניט פאה־
רען פאר קיין שום אופן מיט דער פאסט, ווי איהר ווילט זיך, זאגט
זי, אבער פיהרט מיך מיט'ן שיף". איוואנאוו האט אויף א ניכטערן
הארצען קוים אויפגעריסען די אויגען—איז אין כעס... „אייך פרעגט
מען ניט זאגט ער, אזוינע זאכען. ווי מען וועט אייך פיהרען וועט איהר
פאהרען". זי האט איהם א ווארט ניט געענטפערט און גיט זיך א
קעהר צו מיר: „איהר האט געהערט וואס איך האב געזאגט: איך
פאהר ניט". איך האב גענומען אבגערופען איוואנאוו'ן אן א זייט:
מ'דארף זי, זאג איך, פיהרען אויפ'ן 'שיף. עס איז דאך פאר אייך
בעסער, איהר וועט עפיס קענען אבשפארען". ס'האט איהם גענור־
מען, אבער ער האט נאך א ביסל פחד... „דא איז פאראן, זאגט ער
א פאלקאווניק, ס'קאן נאך, חלילה עפיס ארויסקומען. „ווייסט,
זאגט ער, געה און פרעג איהם, איך, זאגט ער, בין עפיס ניט אין
גאנצען". דאר פאלקאווניק האט טאקי געוואהנט ניט ווייט. „קומט
בעסער אין איינעם, זאג איך, און לאמיר די בארישנע אויך מיט
נעהמען". איך האב שטארק מורא: איוואנאוו, קלער איך וועט שי־
כור'ערהייט זיך נאך אוועקוואליען שלאפען, זאלל ח"וש עפיס ניט
ארויסקומען. ווער ווייס, זי קענן נאך ענטלויפען, אדער גאטט בע-
היט זיך עפיס אנטהאן, געה דאמאלס, ענטפער פאר איהר. מילא
מיר געהען צום פאלקאווניק. ער איז צו אונז ארויסגעגאנגען: „וואס
דארפט איהר", פרעגט ער. זי הויבט אן צו זאגען איהם, אבער
ווידער, ניט ווי א מענש, אנשטאט איהם שטארק צו בעטען, אט
אזוי און אט אזוי טהוט, איך בעט אייך א טובה, הויבט זי אן אויף
איהר אופן: „מיט וואס פאר א רעכט" זאגט זי, נו און אזוי ווייטער
אלץ פערשטעהט איהר, עזות'דיגע רייד. ער האט זי אויסגעהערט
און גארניט,—ענטפערט גאנץ רוהיג: „איך קען ניט, זאגט ער, איך

קען גארנישט העלפען. נאכ'ן ואקאן... טאר מען ניט". איך ועה מיין פרוילין איז רויט געווארען, די אויגען ברענען, אט ווי קוילען.— „דער ואקאן!" ואגט זי, און זיך בייז פערנאנדערגעלאכט אויפ'ן קול. „גאנץ ריכטיג", ענטפערט איהר דער פאלקאווניק, „דער ואקאן!" דא האב איך דעם אמת ואגענדיג א ביסל פערלארען דעם קאפף און טהו א ואג: „ס'איז אמת וואשע וויסאקאראדיע, דער ואקאן, אבער וואשע וויסאקאראדיע, זי איז דאך קראנק". ער האט אויף מיר שטרענג א קוק געטהאן. „ווי הייסט דו?" פרעגט ער. „און איהר פרוילין, ואגט ער, אויב איהר זייט קראנק, קענט איהר זיך, אויב איהר ווילט, מטריח זיין אין דעם טורמע־שפיטאל". זי האט זיך אומגעקעהרט און איז אוועקגעגאנגען, האט אפילו א ווארט ניט געענטפערט, מיר נאך איהר. זי האט אין שפיטאל ניט געוואללט געהן, און דעם אמת ואגען: אז זי איז שוין דארטין, טאקי אויפ'ן ארט ניט געגאנגען אין שפיטאל, האט דאס דא אין דער פרעמד און אהן א גראשען געלד קיין שום זינן ניט געהאט. מילא, ניטא וואס צו מאכען. איוואנאוו האט נאך געהאט צו מיר טענות: „נו וואס איצט צוליעב דיר, בהמה, וועלען מיר נאך ביידע האבען א חלק". ער האט געהייסען איינשפאנען די פערד, פון איבערנעכטיגען האט ער גאר ניט געוואללט הערען, מיר האבען געמוזט ארויספאהרען ביי־נאכט. מיר זיינען צוגעגאנגען צו איהר: „זייט אזוי גוט, בארישנע, ואגען מיר, דער וואגען איז שוין געשפאנט". זי האט זיך געהאט צו געשפארט אויפ'ן קאנאפע, און האט זיך אט ערשט אנגעהויבען אנ־צוואווארעמען. ווי זי האט דאס דערהערט, איז זי אראבגעשפרונגען, האט זיך א שטעלל געגעבען ענטקעגען אונז, האט זיך אויסגע־ליבען און קוקט אונז גלייך אין צורה אריין. וואס זאלל איך ואגען, ס'איז אויף מיר ארויפגעפאללען א מורא, קוקענדיג אויף איהר, „פערפליכטע ברואים", ואגט זי, און האט ווידער אנגעהויבען צוריי־דען אויף איהר לשון. איך פערשטעה גאר ניט. דאכט זיך זי רעדט רוססיש, אבער נעהם פערשטעה, חאטש א ווארט. גערעדט האט זי מיט גרויס כעס און ריהרענד: „נו, ואגט זי, איצט בין איך ביי אייך אין די הענד, איהר קענט מיך אפילו פארמוטשען; טהוט, וואס

איהר ווילט, איך פאהר!״ דער סאמאוואר שטעהט אלץ אויפ'ן טיש, זי האט זיך צו איהם אפילו ניט צוגעריהרט. איוואנאוו און איך האבען פארפארעט אונזער טהיי, איהר האבען מיר אויך אנגעגאַ־סען. מיר האבען מיט אונז געהאט א ווייסברייט, איך האב איהר אויך געגעבען א פענעץ. „עסט, זאג איך, פארן וועג. אלץ בעסער, איהר וועט זיך חאטש א ביסל אנווארעמען״. זי האט געהאט אנ־געטהאן די קאלאשען, אבער דא האט זי זיך אומגעקעהרט צו מיר קוקט, קוקט, טהוט א קנייטש מיט דער פּלייצע און זאגט: „וואס איז דאס עפּיס פאר א גולם? משוגע זייט איהר, ווי? ס'פעהלט מיר נאך אייער טהיי טרינקען״...

איהר וועט מיר אפשר גלויבען, ס'איז מיר געווארען אזוי ביטטער, אז איך קען אייך גאר ניט זאגען. עד היום, אז איך דער־מאן זיך, קלאפּט מיר די הארץ. אט איהר הידיעט זיך ניט מיט אונז צו עססען. דעם פריץ האבען מיר געפיהרט, ער האט זיך אויך ניט געהידיעט. זי אבער האט זיך געהידיעט, זי האט געהיי־סען דערנאך זיך בעזונדער שטעללען א סאמאוואר און פערשטעהט זיך: פאר'ן טהיי און פאר'ן סאמאוואר האט זי בעצאהלט דריי מאל אזוי פיעל... א ציעקאווע!״

דער ערציילער איז ענטשוויגען געווארען און אויף א קורצע ווילע איז אין שטוב געווארען שטיל. ס'האט זיך נור געהערט דער גלייכער אטהעם פונ'ם יונגערן ושאנדארם.

— איהר שלאפט, ניין? פרעגט מיך גאווריליאוו.

— ניין, אדרבא, דערציילט ווייטער, איך הער.

„..... א סך חאב איך פון איהר צרות דאמאלס אויסגעליטען, דערציילט ווייטער גאווריליאוו נאך א קורצען 'שווייגען, דעם גאנצען וועג, די גאנצע נאכט חלוסקעט אלץ א 'רעגען, דער וועטער איז מאוים'דיג.... מען פאהרט דורכ'ן וואלד--דער וואלד קרעכצט אז ס'איז א מורא. איך זעה זי אפילו ניט, ס'איז אזא פינסטערע רע־גענדיגע נאכט, אז מ'קען זיך די אויגען ארויסנעהמען, אבער גלויבט מיר, אט שטעהט זי מיר פאר די אויגען די גאנצע צייט, ד״ה איך זאג אייך אזוי, אז איך זעה זי טאג ווי נאכט: איהרע אויגען, איהר

פנים אזוי בייז, אזוי בלאס, ווי זי פּירירט און קוקט אלליין אלץ ער־גיץ וואו, אקוראט, ווי זי וואלט עפּיס אין קאפּף פאר זיך איהרע געדאנקען ארומדרייען. ווי מיר זיינען ארויסגעפאהרען פון דער סטאנציע, האב איך איהר געוואלט אנטהאן א פעלץ. „טהוט אן, זאג איך, דעם פעלץ, אלץ דאך ווארעמער“. זי האט א ווארפגעטהאן דעם פעלץ, „ס׳איז אייער פעלץ, זאגט זי, טא טהוט איהם זיך אן“. אין אמת׳ן איז טאקי דער פעלץ געוועזען מיינער, אבער עס איז מיר באלד איינגעפאללען און איך האב זיך פערכאפּט: „ס׳איז ניט מיינער, זאג איך, דאס קומט אייך, זאג איך, נאכן זאקאן“. נו האט זי טאקי אנגעטהאן... אבער דער פעלץ האט אויך ניט געהאלפען; ס׳האט אנגעהויבען צי טאגען, איך דערזעה, אז עס איז אויף איהר א שרעק א קוק צו טהאן. ווי מיר זיינען ווידער אבגעפאהרען פון דער סטאנציע האט זי געהייסען איוואנאוו׳ן געהן אויף די קאזלעס. ער האט זיך אפילו א ביסל געבייזערט, האט אבער קיין עזות ניט געהאט ניט צו פאלגען, און דערצו איז ער שוין געווען א ביסל אויסגעניכטערט. איך האב זיך אנידערגעזעצט מיט איהר. דריי מעת־לעת זיינען מיר געפאהרען און האבען אין ערגיץ ניט גענעכטיגט. פריהער ווי אלץ: אין דער אינסטרוקציע שטעהט אז מ׳טאר זיך ניט אבשטעללען נעכטיגען און אפילו אז מ׳איז זעהר פערמאטערט, איז אויך נור אין שטעדט וואו עס איז א קאראאול. מילא איהר ווייסט דאך, וואס עס זיינען דא פאר שטעדט. און דערצו איילט זי נאך אלליין. — זי האט אלץ גיכער געוואללט אנ־קומען אויפ׳ן ארט.

קוים א מאל זיינען מיר געקומען אויפ׳ן ארט; ווי א בארג איז מיר פון די פלייצעס אראבגעפאללען, אז איך האב דערזעהען די שטאדט. איך דארף אייך זאגען, אז צום סוף האט זי כמעט ביי מיר אויף די הענד שוין דערפאהרען. איך זעה, זי ליגט אין בויד אין חלשות, ווי עס טהוט א טרייסעל דעם בויד איבער א גרוב טהוט זי זיך א קלאפּ מיט׳ן קאפּף אן פלאנקען. איך האב זי אויפגעהויבען אויף די רעכטע האנד און האב זי אזוי געפיהרט— אלץ א ביסל גרינגער. פון אנהויב האט זי מיך געהאט אבגעשטייר־

סען: „אוועק, זאגט זי,—ריהר מיך ניט אן"... דערנאך גאר ניט... אפשר ווייל זי איז געווען אהן זיננען... די אויגען זיינען געווען צו־געמאכט, די ברעמען זיינען גאר דונקעל געווארען, און דער גאנצער פנים איז נאך שענער געווארען, ניט אזא בייזער. ס'פלעגט אפילו טרעפען, אז זי פלעגט א שמייכעל טהאן פון שלאף און א ביסל פרייליכער ווערען. איהר פלעגט זיך מסתמא נעבאך חלומ'ען אין שלאף... ווי מיר האבען אנגעהויבען צו פאהרען צום שטאדט, האט זי זיך אויפגעחאפט, אויפגעהויבען... דער וועטער האט זיך פערבעססערט, די זוהן האט ארויסגעקוקט,—זי איז אויך געווארען פרייליכער. פון דער גובערניע האט מען זי נאך ווייטער אוועקגע־שיקט. מ'האט זי אין דער גובערנסקער שטאדט ניט גלאזט פער־בלייבען, און איך האב זי ווידער געמוזט ווייטער פיהרען; די דאר־טיגע זשאנדארמען זיינען געווען צו פאהרען. זי איז געווען אויסגע־מוטשעט, אבער איז אוועקגעפאהרען א פרייליכע. ווי מיר דארפען אזוי אוועקפאהרען,—איך גיב א קוק, עס קלייבט זיך אן אין פאלי־ציע א'ן עולם,—יונגע פריילענס, פאניצען, סטודענטען, מסתמא אלץ פערשיקטע... און אללע ריידען מיט איהר ווי אלטע בעקאנ־טע, גיבען איהר די האנד, פרעגענפאנאנדער. עפיס געלד האט מען איהר געבראכט, א פאטשיילע אויפ'ן וועג. מ'האט זי בעגלייט, זי איז געפאהרען א פרייליכע, האט אבער זעהר אפט געהוסט, אויף אונז האט זי ניט געקוקט, אזוי ווי ניט מיר זיצען דא. מיר זיי־נען געקומען אין די אויעזדנע שטאדט, וואו זי האט בעדארפט וואה־נען בלייבען; מיר האבען זי אבגעגעבען אונטער א צעטעל. זי רופט באלד אן עפיס א פאמיליע: „דא, פרעגט זי, וואהנט דער און דער?". — דא, ענטפערט מען: ס'איז געקומען דער איספראווניק. וואו, פרעגט ער, וועט איהר וואהנען?" — „איך ווייס נאך ניט, זאגט זי, דערווייל געה איך צו ריאזאנאוו'ן". ער האט א שאקעל־געטהאן מיט'ן קאפף, און זי האט גענומען און איז אוועקגעגאנגען, האט זיך מיט אונז אפילו ניט געזעגענט...

— נו און וואס, מעהר האט איהר זי ניט געזעהען?

— אך, הלואי וואלט איך בעסער זי ניט געזעהען... זעהר גיך

אפילו האב איך זי ווירער געזעהען. באלד ווי מיר האבען זיך צו־ריקגעקעהרט פון דער קאמאנדיראווקע, האט מען אונז ווידער אוועקגעשיקט און ווידער אין די זעלבע מקומות. מיר האבען גע־פיהרט א יונגען סטודענט. א פרייליכער יונג, האט געזוגגען א פראכט, און איז געווען א בריה אריינצוגיסען. איהם האט מען נאך ווייטער פערשיקט. בשעת מיר פאהרען דורך דיזעלבע שטאדט, וואו מיר האבען זי געלאזען, האט זיך מיר פערוואלט צו וויסען וואס זי מאכט. — „וואהנט דא, פרעג איך, אונזער בארישנע?" — „דא, זאגט מען, אבער זי איז עפיס א מארנע, ווי זי איז געקומען איז זי גלייך אוועקגעגאנגען צו א פארשיקטען און מעהר האט זי קיין מענש ניט געזעהען. ביי איהם טאקי וואהנט זי...." איינע זאגען: איז קראנק, אנדערע באלבען, ער האלט זי פאר א ליובאווניצע. מילא, איהר ווייסט דאך, דער עולם פלוידערט—ויי ווייסען עפיס. איך אבער ווייס דאך ווי זי לעבט מיט איהם. איך האב זיך נאך דערמאנט ווי זי האט געזאגט: „איך וויל חאטש שטארבען ביי מיינע אייגענע". איך בין אזוי נייגעריג געווארען, וואס דארט נייגעריג, ס'האט מיך נאר פשוט אהין געצויגען, איך וועל אריבער־געהן, קלער איך מיר, כ'וועל אויף איהר א קוק טהאן. איך בין אוועקגעגאנגען, זיך דערפרעגט, געוואהנט האט זי עק שטאדט. א קליינינטשקע שטיבעלע, די טהיר נידעריג. איך געה אריין צום פערשיקטען, איך טהו א קוק,—ס'איז ריין און ציכטיג ביי איהם, א ליכטיגער צימער, אין ווינקעל שטעהט א בעט, און דער גאנצער ווינקעל איז אבגעצאמט מיט א פארהאנג. און נעבען איז א קליי־נעטשקע ווערקשטאט—דארטין איז אויף א באנק אויסגעבעט א צווייטע בעט. בשעת איך בין אריינגעגאנגען, איז זי געזעסען אויפ'ן בעט, איינגעוויקעלט אין א שאל, האט ארונטערגענומען אונטער זיך די פיס און נייט עפיס. דער פארשיקטער זיצט לעבען איהר אויפ'ן באנק און לייענט איהר עפיס פון א ביכל. זי נייט און אלליין הערט זי. איך האב א קלאפף געטהאן מיט'ן טהיר; ווי זי האט דאס בעמערקט, האט זי זיך אויפגעהויבען, האט איהם א חאפף געטהאן פארן האנד, און איז ווי פערשטיינט געווארען. די אויגען

זיינען געווארען גרויס, דונקעל און מורא'דיג... נו, אקוראט אלץ ווי פריהער, נור בלאסער האט מיר זיך אויסגעוויזען. זי האט איהם שטארק א דריק געטהאן פארן האנד, ער האט זיך איבערגעשראקען און איז צוגעלאפפען צו איהר: „וואס איז מיט אייך, זאגט ער, בערוהיגט אייך". ער אלליין האט מיך ניט געזעהען. זי אבער האט איהם דערנאך אבגעלאזען און ווילל אויפשטעהען פון בעט. „זייט געזונד, זאגט זי איהם, מסתמא ושאלעווען ווי מיר א גוטען טויט, זייט געזונד!" דא האט ער זיך אויך אומגעקעהרט, האט מיך דערזעהען,—אז ער טהוט זיך א שטעלל אוועק... איך האב געמיינט אויף נאמנות—אט מאכט ער מיר א סוף. ווי האבען געמיינט, פערשטעהט איהר מיך, או איך בין געקומען זי ווידער נעהמען. נאר ער זעהט, איך שטעה ניט טויט ניט לעבעדיג,—א'ן איבערגעשראקענער און איינער אלליין... ער האט זיך אומגעקעהרט צו איהר, האט איהר גענומען פארן האנד און האט זיך פערנאנדערגעלאכט: „בערוהיגט אייך דאך, זאגט ער,—און איהר, פרעגט ער מיך, וואס דארפט איהר דא?" ס'האט מיר שטארק פארדראסען וואס איך האב זיי איבערגעשראקען. איך האב איהם געזאגט, איך בין געקומען אויף איהר א קוק טהאן, זי אלליין האט מיך אויך דערקענט. איך זעה, זי איז אלץ אין כעס, אקוראט ווי פריהער, איז אין כעס, חאטש מאך עפּיס,—אט קאכט אין איהר; דאכט זיך, איך בין געווען גרייט איהר צו דינען פון גאנצען הארצען, און זי ווי זי טהוט נאר א קוק, אקוראט ווי איך וואלט געווען א גיפטיגער שלאנג. אז ער האט דערגאנגען וואס איך ווילל, האט ער זיך פערנאנדערגעלאכט איהר ענטקעגען און האט צו איהר עפּיס אנגעהויבען צו ריידען. ניט אלץ האב איך געקענט פערשטעהן, איהר, פריצים, רעדט עפּיס מאדנע צווישען זיך. ער רעדט זיך רוהיג, שטיל אזוי, און זי מיט כעס און עזה'דיג. דער פערשיקטער צו איהר: „בערקלערט דאך, זאגט ער, צו אייך איז דאך א מענש געקומען, ניט קיין ושאנדארם". און זי צו איהם: „פאר וואס ושע דיענט ער?" אה, גאטט, קלער איך, בין איך דען פאר איהר גאר ניט קיין מענש, האב איך איהר דען מיט מיין גוטען וויללען עפּיס שלעכטס געטהאן.

ס'איז מיר אזוי ביטטער געווארען. „ענטשולדיג, זאג איך, וואס איך האב אייך איבערגעשראקען". — „דאס איז גארנישט, זאגט זי, וואס איהר האט איבערגעשראקען. ניט דאס מיין איך". ס'איז מיר געווארען ניט גוט אויפ'ן הארצען. „זייט זיך געזונד! זאג איך. זי האט גארנישט געענטפערט, נור ער האט זיך אומגעקעהרט, האט מיר געגעבען די האנד, האט געפרעגט ווי ווייט מיר פאהרען... „ווענן איהר וועט פאהרען צוריק, זאגט ער, קומט אריין, אז איהר ווילט. זי קוקט אויף איהם און לאכט זיך: „איך פערשטעה ניט," זאגט זי. אבער ער צו איהר: „איהר וועט נאך א מאל, זאגט ער, פערשטיין, איהר האט דאך ניט קיין בייזע הארץ".

אז מיר זיינען געקומען צוריק, רופט דער נאטשאלניק דעם עלטסטען און זאגט איהם: „איהר מוזט דא ווארטען ביז א ווייטערן בעפעהל; איך האב געקראגען א טעלעגראם: איהר דארפט ווארטען א פאפיר, וואס וועט קומען מיט'ן פאסט". מיר זיינען געבליבען ווארטען.

איך האב ווידער גענומען און אוועק צו זיי, ד"ה לחתחילה ניט צו זיי, איך בין זיך גלאט אוועקגעגאנגען, אבער דערנאך קלער איך מיר, מ'דארף אריינגעהן, חאטש דעם בעל־הבית פרעגען וועגען איהר. איך בין אריין. דער בעל־הבית זאגט מיר: ס'איז שלעכט, זאגט ער, זי זאלל נאך חס ושלום ניט אוועקשטארבען. איך האב מורא איך זאלל נאך ניט מוזען פאר איהר ענטפערן, זיי וויללען דעם פאפ ניט רופען. אט ווי מיר שטעהען אזוי און ריידען, קומט ארויס אין די זעלבע צייט דער פערשיקטער, ער האט מיך דערזעהען, האט מיר געגעבען די האנד און זאגט: ביזט ווידער דא? קום אריין ווענן דו ווילסט".

איך בין שטילינקערהייט אריינגעגאנגען און דער פארשיקטער נאך מיר. זי האט א קוק געגעבען און פרעגט: „ווידער אט דער מענש? איהר האט איהם א פנים גערופען, וואס?" — „ניין, זאגט ער, איך האב איהם ניט גערופען, ער איז אליין געקומען." איך האב ניט אויסגעהאלטען און זאג איהר: „וואס, זאג איך, בארישנע, פאר וואס זייט איהר אויף מיר אזוי אין כעס? אקוראט־ווי

איך וואלט געווען אייערער א שונא." — „א שונא, זאגט זי, איהר ווייסט דאס ניט, וואס? יא, א שונא!" די שטיממע איז ביי איהר געווארען שוואך, שטיל, אויף די באקען ברענט איהר א רויטקייט און איהר פנים איז אזוי בא'חנ'ט שיין געווען — דוכט זיך, איך וואלט זיך ניט געקענט אנקוקען. איך זעה: לאנג וועט זי שוין ניט אנ־ציעהן אויף דער ווייסען וועלט, האב איך ביי איהר אנגעהויבען בעטען מחילה, — זי זאל נאך, קלער איך מיר, ח"וש ניט אוועקשטאר-בען אהן מחילה. „וייט מיר מוחל, זאג איך אויב איך האב אייך אנגעטאהן שלעכטס." כ'זעה ס'האט אין איהר ווידער אנגעהויבען צו קאכען... „מוחל זיין! וואס נאך ווילט איהר, איך וועל אייך קיין מאל ניט מוחל זיין, קיין מאל ניט!.."

דער ערציילער איז ווידער אנשוויגען געווארען און האט זיך פערטראכט. דער נאך האט ער דערציילט שטילער און כמעט אין זיך פערזונקען: ווידער האבען זיי צווישען זיך א ויכוח. אט איהר זייט דאך א געבילדעטער מענש, איהר דארפט דאך פערשטיין זיי־ער לשון, וועל איך אייך זאגען, וועלכע ווערטער איך געדיינק נאך. בשעת זיי האבען אנגעהויבען שטילער צו ריידען, אביסיל רוהיגער, האב איך זיך איינגעהערט. דיזע ווערטער זיינען מיר אריין אין קאפף, עד היום געדיינק איך זיי, דעם זינו אבער פערשטיי איך ניט, ער זאגט: „פארשטייט, ניט די מחילה איז וויכטיג, איהר מוזט דאך דען מענשען אנערקענען; מוחל זיין — דאס איז א'ן אנדער זאך, ער וואלט אפשר אליין, זאגט ער, ניט מוחל געווען." און דער נאך הא-בען זיי גאר מאדנע אנגעהויבען צו ריידען; קוקען איינער אויפ'ן אנ-דערען גאר אהן כעס, און נאך די ווערטער נאך זידלען זיי זיך דאכט זיך, ער צו איהר: „איהר, זאגט ער, זייט א סעקטאנטקע". — „און איהר, זי צו איהם, זייט א קאלטער, גלייכגילטיגער מענש". ווי זי האט דאס ארויס גערעדט האט ער אפילו אויפגעשפרונגען. — „א גלייכגילטיגער? זאגט ער, נו איהר ווייסט אליין, אז איהר זאגט א ליגען!" — „ס'קען זיין, זאגט זי, און האט איהם א שמייכעל געטאהן, — און איהר זאגט דען אמת?" — „איך זאג דעם אמת", זאגט ער. זי האט זיך פערטראכט א ווילע, האט איהם דערלאנגט

די האנד, ער האט גענומען איהר האנד און זי קוקט איהם אין גע־
זיכט, קוקט און זאגט: „יע, איהר זייט אפשר טאקע גערעכט.“ איך
שטיי ווי א גולם, קוק צו און ביי מיר אליין פארקלעמט עפּעס אין
הארצען — אט שפּארט עס צו, זי האט זיך דער נאך צו מיר אומ־
געקעהרט, האט אויף מיר אויך א קוק געגעבען אהן כעס און האט
מיר דערלאנגט די האנד, „הערט, זאגט זי, וואס איך וועל אייך
זאגען: איך וועל אייך קיין מאל ניט מוחל זיין, הערט איהר? מיר
זיינען שונאים. נו אבער די האנד גיב איך אייך, איך ווינש אייך
איהר זאלט ווערען א מענש... איך בין מיד,“ זאגט זי איהם... איך
בין אוועקגעגאנגען.

אין גיכען איז זי געשטארבען. ביי דער לויה בין איך ניט גע־
ווען, איך האב געמוזט זיין ביי׳ם איספּראווניק. אויפ׳ן צווייטען טאג
נאר האב איך געטראפען דעם פארשיקטען, איך בין צוגעגאנגען צו
איהם, טהו א קוק: ער זעהט אויס א שרעק. ער איז געווען א הויכ־
ער, מיט א׳ן ערנסטען געזיכט. קוקען פלעגט ער פריינדליך, אבער
איצט האט ער אויף מיר ווי א ווילדע חיה א קוק געטהאן. ער האט
מיר געהאט דערלאנגט די האנד, אבער האט פלוצונג דער נאך מיין
האנד א ווארף געטהאן און אליין האט ער זיך אבגעקעהרט. „איך
קען דיר, ברודער, איצט ניט זעהען, געה, ברודער... אום גאט־
טעס ווילען, גיי אוועק... שפּעטער, אז דו ווערסט נאך פערבלייב־
בען אין שטאדט, קענסט דו אריינקוממען ווען דו ווילסט.“ ער האט
אראפּגעלאזען דעם קאפּף און איז אוועקגעגאנגען, און איך בין גע־
קומען אהיים, ס׳האט מיר אזוי פערקלעמט, כ׳האב פּשוט 2 טעג קיין
עסען ניט גענומען. א׳ן אמת ס׳איז א׳ן אומה... אויפן דריטען טאג
האט מיך דער איספּראווניק צו זיך גערופען און זאגט: „איהר
קענט איצטער אוועקפארען; דער פּאפּיר איז געקומען, אבער שוין
צו שפּעט.“ מסתמא וואלטען מיר זיי ווידער דארפען פירען, אבער
גאט האט שוין רחמנות געהאט, האט איהר אלליין צוגענומען.

נאר וואס ס׳האט זיך ווייטער מיט מיר פאסירט,—ס׳איז דאך
נאך ניט אלץ. פאהרענדיג צוריק זיינען מיר געקומען אויף איין
סטאנציע. מיר קומען אריין אין צימער, עס שטעהט אויפ׳ן טיש

א סאמאװאר, פערשידענע פערבייסונגען און עס זיצט עפּיס א׳ן אלטעטשקע און איז מכבד די בעל־הבית׳טע מיט טהיי. א ציכ־טיגע אלטעטשקע, א קליינע, אבער אזא פרייליכע און א ריידערקע, דערציילט אלץ דער בעל־הבית׳טע איהרע עסקים:

„אט, זאגט זי, האב איך אויפגעקליבען מיינע בעביכעס, מיין ׳שטוב וואס איך האב געקראגען בירושה, האב איך פארקויפט און בין אװעקגעפאהרען צו מיין טייבעלע. אט װעט זי זיך דאס א ביסל פרייען, זי װעט אפילו זידלען, װעט װערען אין כעס—איך װייס, אז זי װעט װערען אין כעס, אבער אלץ װעט זי דאך זיין צופרידען. זי האט מיר געשריבען איך זאלל אויף קיין אופן צו איהר ניט קו־מען... אבער דאס מאכט גאר ניט אויס.

אזוי, װי אימעצער װאלט מיר דאמיט א מעסער אין הארצען געגעבען. איך בין ארויס אין קיך. „װער איז די אלטעטשקע?" פרעג איך ביי דער דיענסטמיידעל. — „דאס איז, זאגט זי, די מא־ ׳ע פון די פרײלען, װאס איהר האט יעמאלט געפיהרט". איהר ־ויבט, ס׳האט מיך אזש א טרייסעל געטהאן. די מיידעל װעהט, איך האב זיך אומגעביטען אין געזיכט און פרעגט: „װאס איז, זאגט זי, מיט דיר, סאלדאט?" — „שטילער, זאג איך, די בארישנע איז דאך געשטארבען". װי די מיידעל האט דאס דערהערט און איך דארף אייך זאגען, אז די מיידעל איז געװען צולאזען, האט געבאלע־װעט מיט די געסט—אבער דא האט זי צופאטשט מיט די הענד, האט זיך צואװיינט װי א קינד און איז ארויס פון שטוב. איך האב גענומען די היטעל און בין אלליין אויך אװעקגעאנגען, איך האב נור נאך געהערט װי די אלטעטשקע פלוידערט אלץ אין צימער מיט דער בעל־הבית׳טע, ס׳איז מיר פאר דער אלטעטשקע געװארען אזא מורא, אז איך קען אייך גאר ניט זאגען, איך בין אװעק גלייך מיט׳ן װעג, שוין דערנאך האט מיך איװאנאװ דעריאגט מיט׳ן װאגען, האב איך זיך אריינגעזעצט.

אט װאס פאר א מעשה. און דער איספראװניק האט נאך געמסר׳ט, א פנים, אויף מיר, אז איך געה אום צו די פארשיקטע און דער יא...סקער פאלקאװניק האט אויך געמסרט, אז איך האב

זיך פאר איהר איינגעשטעלט—מילא איינס איז צוגעגאנגען צום אנדערן. דער נאטשאלניק האט ניט געוואללט מיך מאכען פאר א אונטעראפיציר: „א שיינער אונטעראפיציר ביזט דו זאגט ער, א אידענע ביזט דו, אין קארצער האט מען דיר געדארפט ארייני־ וועצען, גולם איינער!" אבער מיר איז אלץ דאמאלס געווען גלייך־ גילטיג, מיר האט אפילו גאר ניט פארדראסען, איך האב אלץ ניט געקענט פערגעססען די אין-כעס'דיגע בארישנע, און אפילו נאך איצט איז אויך דאסזעלבע: אט שטעהט זי פאר מיינע אויגען. וואס זאלל דאס בעדייטען? ווער וואלט דאס מיר ערקלערען? איהר, פריץ, שלאפט דאך ניט?

איך האב ניט געשלאפען... די טיפע דונקעלקייט פון דער אין וואלד פערווארפענער שטיבעלע האט מיר געקוועטשט אויפ'ן הארצען און די טרויעריגע געשטאלט פון דער געשטארבענער מויי־ דעל איז פאר מיר אויפגעשטאנען אונטער די דומפע יעלות פון שטורם.....



# לעזט די פאלגענדע צייטונגען

פון

„אלגעמיינעם אידישען ארבייטער בונד אין רוססלאנד און פוילען“.

די ארבייטער שטיממע } צענטראל־ארגאנען.
דער אידישער ארבייטער }

דער וועקער—ארגאן פון בערשטער.אר.־בונד אין פוילען און ליטא.

דער ווארשאווער ארבייטער—ארגאן פון ווארשאוו.קאמ. פון בונד.

דער ביאלאסטאקער ארבייטער—ארגאן פון ביאל. קאמ. פון בונד.

דער קלאססען קאמפף—ארגאן פון ווילנער קאמיטעט פון בונד.



פרייז 40 סאנטים.

די אדרעססע פון דעם „אידישען ארבייטער“ און פון דעם אויסלענדישען קאמיטעט פון „בונד“.

Imprimerie & Rédaction de „L'OUVRIER ISRAELITE“.
Chemin des Pervenches, maison Hengel
Gèneve—Suisse

